שנייער וואַסערמאַן

# ליד
# און
# לעבן






1951

SHNEIER WASERMAN

# "LID UN LEBN"

(CANTO Y VIDA)



Editorial "ICUF"
Buenos Aires, 1951

IMPRESO EN LA ARGENTINA    PRINTED IN ARGENTINE

שנייער וואסערמאן



# לידער און לעבן

# מײַן רעטושירטער פּאָרטרעט

די אויגן — ביר־ברוינע — פאַרבענקטע פאַרנאַכטן.
דער שמייכל — באַשאָטנט מיט אומרו פון טראַכטן.

דער קינבאַק — מאָנגאָליש. דאָס פּנים — ברייטבייניק.
אַ פּויריש געדולד אין די קנייטשן פאַרשטייניקט.

דאָס מויל — זיך גאַנץ ברייטלעך צעלייגט אַפן פּנים.
די ליפּן — פאַריגלטע: שווייַגערס. אַקשאָנים.

די האָר — אַ געמיש, אַ געראַנגל אַ שטומער
פון פּראָסטיקער גרויקייט מיט ברוינעם שפּעט־זומער...

דער קערפּער — געוויקסיק. דער גאַנג — אַ צעוויגטער.
דער טאַט מיט ווילן — גאַנץ אָפט אַ צעקריגטער...

דאָס שטרעבן — דעם טאָג אַף דער ערד צו באַצווינגען.
דער אומרו — די ליבע, דאָס קינד און דאָס זינגען.

# שאַבעס

רעב שלוימע וויל פאַרשאַבעסן די וואָך מיטן קוּיעד
פון האַוודאָלע-בעכער.
דער נעמעראָווער פליט נאָך העכער
פון די שטעטלשע וואָכעדיקע האַסאָגעס.
טויוויען בייגן נישט קיין שום איעוו־פּלאָגן,
ווייל שאַבעס רוט אין זיין האַרצן.
ביניאָמען וויל דעם סאַמבאַטיען שוואַרצן
צו ברענגען דעם שאַבעס אַף שטעטלשע שוועלן.
פאַן טאַדעוש וויל דעם שאַבעס איינקנעלן
אונטער די דאָרפישע סטרעכעס.
זשאַן קריסטאָף לאָזט נישט פאַרשוועכן
דעם שאַבעס אין זיין געמיט. —
אַלע בענקען נאָך שאַבעס, ייד און נישט ייד.

ווער עס וואַרט אַף שאַבעס און ווער עס גייט אים
אַנטקעגן:
דער באַלשעמטאָוו האָט אים באַגעגנט
אַף די קאַרפּאַטן־הייכן.
דער ווילנער גאָען — אין טויכן,
באָם טויוולען זיך אין געדאַנקען־טיפן.

זשול ווערן — אין זיינע פאַנטאַסטישע שיפן,
וואָס זיינען וואָר געוואָרן...
הירש לעקערט — אין זיין אויסגעשאָסענעם צאָרן
אַף די ווילנער געסלעך, די קרומע,
פאַרן קאָוועד פון זיין קלאַס און זיין אומע.

און יעדער זוכט דעם שאַבעס אַף זיין שטייגער:
לענין איז אים מעקאַבל געווען אַף די סיבירער טייגעס.
„פּאָטיאָמקין״ — באַם אָדעסער האַפן.
ספּאַרטאַק — אין וואָפן-קלאַנג פון די שקלאַפן.
דער טויבער בעטהאָווען — אין קיניגרייך פון קלאַנגען.
שאַגאַל — אין די פאַרב־געזאַנגען.
דער בלינדער האָמער — אין דער ליכטיקער איליאַדע.
יעהודע האַלייווי — אין די פאַרבענקטע יאַם־באַלאַדן. —
אַלע גאַרן נאָך שאַבעס, ווי טרוקן פעלד נאָך רעגן!
איינער איז דער שאַבעס און פאַרשיידן צו אים די וועגן...

# טרוימער

יעדער טריט פון מענטש ווערט אַף דער ערד פאַרשריבן.
יעדער וואָרט קריצט אוים אַ צייכן אינעם רוים.
יעדער האַרץ צאַנקט אוים מיט נישט דערליבטער ליבע,
לאָזט הענגען אין דער צייט אַ נישט דערטרוימטן טרוים.

און הינטער יעדן דאָר גייען נייע טרוימער,
זאַמלען איין די טרוימען ביז די זון פאַרגליט...
איז מיר אויך באַשערט פאַרזייען אין די רוימען,
אַ ציטערדיקן קלאַנג? אַ נישט דערזונגען ליד?

# ווער עס וויל שפּילן

איך וועל נאָך געווינען און כ׳וועל נאָך פאַרלירן. —
ווער עס וויל שפּילן — דאַרף זיין דערצו גרייט.
איך וועל נאָך אויפברעכן פאַרשלאָסענע טירן
אין היכל פון צאַרפולער ליבע און פרייד.

און ס׳וועלן זיך טירן פאַר מיר נאָך פאַרשליסן
מיט קלימפּער פון שווערן פאַרזשאַווערטן שלאָס.
עס וועט זיך מיין גלויבן מיט צווייפל נאָך מישן,
ווי גיפטיקע טראָפּנס מיט וויין אינעם קאָס.

ווי בלוטיקע פלעקן אַף שנייאיקע פלאַכן
קרייצט אין מיין האַרץ זיך דער טרויער מיט פרייד.
אין מאַרש אויך פון מענטש אַף געשיכטלעכע שליאַכן
איז פרייד פון ניצאָכן אַף קוואָרים פאַרזייט...

אין שטראָם פון דער צייט — זיג־זאַגיש נאָר קוואַליק,
פליסט אויך מיין אייגענער טראָפּן — געמיט:
שטיל — דאָך צעזונגען, ווען צאַרט און ווען גאַליק —
אַזוי ווי דאָס האַרץ פון אַ דיכטער — אַ ייד...

# א פאָלק אָן קייטן

א מייסע, אַן אַלטע, פון טויזנטער יאָרן,
דערצייל איך דיר, זון מיינער, היינט פונדאָסניי,
ווי אונדזער שטאַם, אונדזער פאָלק איז געוואָרן
פון אוראַלטע היטלערס — פון פּאַרעס באַפרייט:

עס האָבן די פּאַרעס דאָס לעבן פאַרשוואַרצט אונדז,
די טעג אונדז פאַרביטערט, דעם גלויבן געשענדט,
דאָך האָט נישט דער סוינע די ליבע אין האַרצן,
דעם גלויבן אין פרייהייט פאַרשוואַרצן געקענט.

און ס'האָבן די קנעכט צו אַ פאָלק זיך דערהויבן!
און מוישע געוועזן איז פון פרייהייט דער פלאַם.
עס האָט אין דער מידבער צעבליט זיך דער גלויבן,
דער ווילן צו פרייהייט — געשפּאָלטן דעם יאַם...

און ווידער פאַר פרייהייט די יאַמים צו שפּאַלטן,
מידבאַריעס צו קרייצן מיין פאָלק איז היינט גרייט!
עס וועט קיין שום פּאַרע אין קייטן נישט האַלטן
אַ פאָלק, וואָס האָט איינמאָל צעריסן די קייט!

# דאָס איז אונדזער דאָר באַשערט!

מיט מונדיר, צי אָן מונדיר —
דרייסטע זעלנער זיינען מיר!
אין פאַבריק, צי אין וואַרשטאַט —
אומעטום אַ דרייסטער יאַט,
אומעטום אַ זעלנער וואַך,
גרייט אַף יעדן רוף אין שלאַכט!

גרייט אַף יעדן קריג־סיגנאַל
פאַר דעם שענסטן אידעאַל,
וואָס דער מענטש האָט ווען פאַרמאָגט:
אָנצוצינדן העלן טאָג
אַפן פּאָנעם פון דער ערד. —
דאָס איז אונדזער דאָר באַשערט.

אונדזער טראַגיש־גרויסן דאָר,
וואָס שמידט איבער טרוים אין וואָר...

אפּריל 1942.

# גרייט איז מיין בלוט!

עס שרייבט דיך אַ בריוו היינט אַ ווייט-אומבאַקאַנטער.
און דאָך אַזאַ נאָענטער און דאָך אַ פאַרוואַנדטער.

אַ לייבלעכער ברודער, וואָס קומט דיך באַגלייטן
אין דיינע — אין אונדזערע בלוטיקע שטרייטן.

וואָס קומט אויף דיין בלוטיקן גורל געניסן!
און טיילן מיט דיר מיט מיין קלייד און מיין ביסן.

און אויב עס איז נייטיק — דיין וווּנד אויך פאַרבינדן
און נאָך מער דיין האַס צו דעם סוינע אָנצינדן!

און מער נאָך דיין שפּיז מיט נעקאָמע אָנשאַרפן!
גרייט איז מיין בלוט אויך, אויב דו וועסט עס דאַרפן,

אין די אָדערן דיינע זיך איבערגיסן —
זאָלסט די פרייד פון דעם סוינעס בראָך נאָך געניסן!

*
* *

ס'איז דאָך מיין בלוט אויך אין דיינעם געראָטן:
בלוט פון דעם מין, וואָס באַפאַרבט עשאַפאָטן!

בלוט פון דעם מין, וואָס צעפלאַקערט אַף שייטערס,
אין שקיע, באַם שווערדן-געקרייץ פון די צייטן...

אָקטאָבער 1941.

# אונטער דער זון פון די ראַטן

טאַקע נאָר אונטער דער זון פון די ראַטן
קענען אויסוואַקסן אַזעלכע יאַטן:
שטאָלענע יאַטן מיט קינדערשע אויגן —
יאַטן פון רויטן אָקטאָבער דערצויגן.

יאַטן, וואָס קענען אַ לאַך טאָן פון האַרצן
עס זאָלן צערינען די וואָלקנס, די שוואַרצע.
עס זאָלן די אוראַלער בערג זיך צעקלינגען
מיט קינדיש געלעכטער פון שטאָלענע יונגען.

און ווי צו דעם סוינע, וואָס האָט אויפגעהויבן
זיין בלוטיקע האַק אַף צו קעפּן דעם גלויבן,
וואָס האָט זיך צעפּלאַקערט אין הערצער אַזוינע! —
אַז טויזנט מאָל ווי צו דעם בלוטיקן סוינע!

אויגוסט 1941.

# זיי געבענטשט פֿאַר דײַן שניט!

זיי געבענטשט, ליכטיקער פֿעלקער-פֿאַרבאַנד,
פֿאַר דײַן שטראָפֿנדיקער האַנט,
דער גערעכטער!

זיי געבענטשט פֿאַר שעכטן דעם שעכטער!
פֿאַר מאָרדן דעם מערדער!
פֿאַר דײַנע פֿרוכטבאַרע ערדן,
וואָס האָבן זיך מיט נאַציִשע קוואָרים צעבליט!

פֿאַר דײַן שעפֿעדיקן שניט,
אין מיט
פֿון שנייאיקן סטעפּ,
אַף פֿלאַקסענע אַריער־קעפּ!

אַף בלאָנדע, „ריין־ראַסיקע" קעפּ
פֿון פֿינצטערן נאַצי־געשפּענסט!
זיי געבענטשט, אַף אייביק געבענטשט!

יולי 1943.

# ברידער־טאַנץ

אָט אַזוי און אָט אַזוי:
גוי און ייד — ייד און גוי,
טאַטער, טערק און ווער איר זענט —
אַלע, אַלע פאַר די הענט!

ברודער פּאַריער און סעמיט
און דו, נעגער, אינדערמיט.
הייד און קאָזאַק און ציגיינער,
שוואַרצע אויגן, ווייסע ציינער.

שוואַרצע קעפּ און בלאָנדע קעפּ,
קורצע קרויזן, לאַנגע צעפּ,
קורצע נעזער, לאַנגע נעזער
און יאפּאנער מיט כינעזער.

און איר אַלע, וואָס איר זענט
מיט מאָזאָלעדיקע הענט,
פונעם דאָרף און פון דער שטאָט —
איינגעפלאָכטן זיך אין ראָד.

איינגעפלאָכטן זיך אין קראַנץ,
אינעם גרויסן ברידער־טאַנץ,
מיטן שענסטן ברידער־ליד:
ייד און גוי — גוי און ייד!

# אַ טויער

בויער, בויער!
בוי אויף אַ טויער,
אָן העק און אָן פיילן:
פון ליבע די זיילן.
פון עמעס די שפּיצן.
מיט קלוגשאַפט באַפּוצן,
מיט שיינקייט באַקראַנצן
דעם טויער אינגאַנצן.

און גאָר אויבנאָן —
פון גלויבן די פאָן!

די שלעסער פון וואָס? —
אָן ריגל, אָן שלאָס,
אָפן און פריי!
עס וועלן פאַרביי
אָרעם און אָרעם:
ברידער פון דאָרעם,

פון צאָפּן די העלע,
פון מיזרעך די געלע,
נעגער מיט זיי —
אין געשלאָסענער ריי...

# איין טיש

מיין יאָנטעוו, דיין יאָנטעוו — אונדזער אַלעמענס
יאָנטעוו! —
ווייל אונדזער אַלעמענס איז אויך די וואָך, די פליכט.
טאָ צו וואָס אַ טיש פאַר יעדן באַזונדער גרייטן?
און אַף יעדן טיש אַן אייגן גראָשיק ליכט?

אַלע, אַלע גלייך בענקען, לעכצן נאָכן יאָנטעוו:
דער גרייז-גרויער זאָקן, דאָס שטיפערישע קינד. —
איז איין טיש פאַר יעדן און איין גרויס ליכט צו בענטשן!
נישט טריפן זאָל דאָס ליכט, נישט לעשן זיך פון ווינט.

שיינען זאָל דאָס ליכט אויך אַף אַלעמענס געזיכטער
מיט מיי־צעשטראַלטער מילדקייט, דעמאָלט וועט
געשען:
איינער וועט דעם צווייטן באַוווּנדערן און פרעגן,
פאַרוואָס ער האָט זיין שיינקייט פריער נישט געזען...

# אַף די גרונטן

אין די בערג די אַלטע,
אין די פעלזן־שפּאַלטן,
אַף די טיפע גרונטן,
ליגן שטורעם־זוינטן.

ליגן שוין פון צייטן,
הענט און פיס אין קייטן,
פליגל — פול מיט וווּנדן —
צו אַ פעלז געבונדן.

טרעפט זיך, אַז די ווינטן
אַף די טיפע גרונטן,
הייבן זיך אָן וועקן,
הייבן זיך אָן שטרעקן. —

נעמען קייטן קלינגען,
ווערן לויז די רינגען
און די קייטן פאַלן.
הערט מען דונערס קנאַלן.

װעט מען פֿליען בליצן
איבער פֿעלזן־שפּיצן,
אַז די בערג, די אַלטע,
קרישלען זיך און שפּאַלטן...

# שאָלעם אַלייכעמס פאַרשוינען

(צו שאָלעם־אַלייכעמס 34טן יאָרצייט)

דאַכט זיך מיר קענטלעך? פון וואַנעט אַ ייד?
— פרעגט נישט, רעב קאָרעוו, פון וואַנעט דען נישט?

אַ יידישער שרייבער — פון גאַנץ יידיש־לאַנד.
איך ווייס צי געדענקט מיך נאָך ווער אין דעם קאַנט?

שאָלעם אַלייכעם! — כ'האָב גלייך אייך דערקענט.
וואָס רעדט איר געדענקען? — אַלץ הייסט מען
געדענקט!

אין פרייד, צי אין ליידן, די שאָ זאָל נישט זיין,
מען לייענט און מען לאַכט און מען טראַכט זיך אַריין...

מען לאַכט דורך אַ טרער, דאָך עס ווערט עפּעס לייכט.
מען ווערט גאָר אַ שטיקל מעכוטן מיט אייך.

מיט אייערע „מענטשן”, מיט יעדן פאַרשוין.
עד, ווי עס האָט זיך די אַרבעט געלוינט!

ווי ס'האָט זיך געביטן פון גרייז ביז אַ קינד:
אָט, נעמט דעם יעהופיצער סויכער פון — — — ווינט. —

אַ דרייער געווען אין יעהופיצער מאַרק.
צוזאַמענגעפירט דאָרט אַ באַרג מיט אַ באַרג...

היינט — אַנדערע מענטשן, אַן אַנדערע צייט.
ס'איז גאָר מענאַכעם מענדל אַ סטאַטעק, אַ לייט!

גאַרנישט צום דערקענען, ווען איר זאָלט אים זען.
יעהופעץ איז אויך שוין נישט דאָס, וואָס געווען...

נאָר טויווע, ווי שטענדיק: אַ ווערטל, אַ זאָג.
פעפערל — לאַנג שוין באַפרייט פון „אסטראָג".

אַ מאַכער אַ גרויסער גאָר היינט אין „קאָזנאַ".
אַ קאָרעוו לעמאַלכעס — אַ וועלטעלע, האַ?!

וואָס זע איך? — איך ווישט גאָר פון אויג אוים אַ טרער?
— זייט מויכל, אויך פרייד היינט צו טראָגן איז שווער...

פרייד אויסגעמישט מיטן יידישן בראָך.
באַנעמסט מיטן קאָפּ, נאָר אין האַרץ איז אַ לאָך...

שווער אַזאַ צווילינג אויסטראָגן באַנאַנד.
היינט די נעכאָמע — דאָס יידישע לאַנד!

ווי נעמט מען די קויכעס צום צאַר און דער פרייד? —
זייט מויכל, וואָס כ'בין אייך אַריין אין די רייד.

אַביסל פון האַרצן אַרונטערגערעדט.
וואָס מאַכן דאָרט בויבעריק, אַנדערע שטעט?

דערציילט נאָך, רעב קאָרעוו, כאָטש ס'איז שוין באַוווסט,
דאָך ליב איז צו הערן פון נאָענטע אַ גרוס.

דעם ליבלעכן גרוס און דאָס אַלץ מיטאַנאַנד
גיט איבער די יידן אין גאַנץ יידיש־לאַנד...

# רעב מענדעלע

דעם זיידעניו, רעב מענדעלע,
האָבן אַלע גוט געקענט:
מיט זיין דאַרער, בידנער קלאַטשע
פלעגט ער אויספאָרן אַ וועלט.

ווו נאָר אַ שטאָט, אַ שטעטעלע
איז דער זיידע דאָרט געווען!
און דעם זיידנס קלוגע אויגן
האָבן קלאָר און אַלץ געזען.

און געזען אַזוי פיל רישעס
האָט דער זיידע אַף דער ערד!
און דערפאַר געשאַרפט זיין פעדער,
ווי אַ קריגער שאַרפט זיין שווערד.

כאָטש געווען איז ער פאַרליבט גאָר
אין באַשעפערס שיינער וועלט:
אין דעם טפילע־שעפטש פון וועלדל,
אין דעם גרעזעלע אין פעלד.

אין דעם סאָלאָוויים כאַזאַנעם,
וואָס צעגייט אין יעדער גליד,
אָבער אַף קאַבצאַנסקער מיסטן
האָט נאָר קראָפּעווע געבליט.

נאָר טאַקיפים און באַל־טאַקסעס,
פאַלשע פּאַסטעכער און שאָף...
און דערפאַר געמאַכט זיין פעדער
פאַר אַ שאַרפער שווערד פון שטראָף.

און די שווערד פון האַנט געלאָזן
האָט דער זיידע, פונקט אין צייט,
ווען דאָס אַלטע לאַנד פון זיידן
האָט פאַריונגערט זיך, באַנייט...

די דאָזיקע אָפּטיילונג איז געהייליקט
די גיבוירים און קדושים פון דער
קאָשמאַרער היטלער־עפּאָכע.

# מײַן ייִדישער טאָסט

איך טרינק אויס פֿאַרן זיג פֿון מענטש מײַן פֿולן בעכער צאַר!
איך וויל אים מיט קיין טראָפּן טרייסט נישט פֿאַרזיסן גאָר. —
דער וועג צו אונדזער אייגן גליק איז סײַ־ווי־סײַ פֿאַרשפּאַרט
מיט קוואָרים פֿון די נאָענטסטע, מיט קוואָרים פֿון מײַן דאָר.

דער וועג צו אונדזער ייִדיש גליק פֿאַרטרונקען איז אַף לאַנג,
אין דעם יאַם קדושים־בלוט, אין יאַם פֿון אונדזער פּײַן.
פֿאַר דער קאָסע פֿון דער צײַט ביסטו, מײַן פֿאָלק, די זאַנג,
אין דעם קרוג פֿון שניטער־יונג איז אונדזער בלוט — זײַן ווײַן.

פֿאַר איטלעכן געהענעם־שעד איז אונדזער גוף אַ קנויט.
יעדער טיפּעש האָט זײַן טוירע אַף אונדזער הויט געקנעלט.
און דער געשיכטע זײַנען מיר אַ מאַמזער־קינד באַם פּלויט,
וואָס קלײַבט ברעקלעך כעסעד אַף די שוועלן פֿון דער וועלט.

אַף יעדער פֿרײַהייט־פֿאָן, צעוויקלט, פֿלאַטערט אונדזער טרייסט.
און יעדער שפּאַן פֿון מענטש פֿאָרויס ווערט פֿון אונדז געבענטשט.
ווײַ, אַף קופּעס הייליק אַש פֿון אונדזער בלוט און פֿלייש
הייב איך אויף דעם בעכער צאַר פֿאַר דעם זיג פֿון מענטש!

***

אויסגעבערענט ליגט אונדזער האָפנונג מיטן לעצטן גוף
אין די אויוונס פון מײדאַנעק, אין די קופּעס אַש,
אַז צום לעבן אויפשטיין וועט נאָך אַפן ערשטן רוף
פון דעם גרויסן זיגער־שויפער, אונדזער הײם און גאַס,

אַז אויפגיין וועלן פון די בערג, פון אונטער יעדער שטיין,
פון די קעלערס און פון — — — ליבע, קריסטלעכער באַשיצט:
טאַטעס — גרויע, בערדיקע און מאַמעס — הויט און ביין,
ברידער מיט געשאַרפטע שפּיזן און מיט האַס אין ברוסט.

און ס׳וועלן שוועסטער אייגענע, אויסגעצערטע, שוואַך,
מיט פלאַם־רויטע שלייפלעך אין די יונג־פאַרגרויטע האָר,
באַגעגענען די זיגער־טריט מיט בלומען אַפן שליאַך,
מיט אַ היימיש יידיש ליד אין גרויסן זיגער־כאָר.

אויך, אַז קינדער יידישע פון אונטער כורווע־ווענט,
ווי די קינדער פון דעם פּאָליאַק, בעלגיער און פראַנצויז,
וועלן צו דעם זיגער־מאַרש נאָך פליעסקען מיט די הענט
און ס׳וועלן פאָטערלעך די זיגער צערטלען זיי אין שויס...

***

ליגט דער לעצטער פונק דערוואַרטונג אויסגעלאָשן, שטאַר.
גלאָצט מיט שטאַרע מייסים־אויגן מיר אין האַרץ אַריַין.
אין מיַין ציטערדיקער האַנט — דער פולער בעכער צאַר,
רויט ווי דאָס קדושים־בלוט, צעשוימט ווי אונדזער פּיַין!

יאַנואַר 1945

# װעמעס בין איך?
# װער איז מיר נעבליבן?

פאַר יעדן װײַכן בעט — אַ שװעסטער אַ געשענדטע.
אַ הונגער־טויט אַ ברודערס — פאַר יעדן לעפל עסן.
װי זאָל איך אַף מײַן װײַכן, װאַרעם בעט זיך לייגן?
װי זאָל איך צו מײַן טיש זיך, צום זאַט־געגרייטן, זעצן?

עס װאַרטן שטום די בענקלעך אַרום דעם טיש פאַרבענקטע.
דאָס ברויט װערט אַלטגעבאַקן שוין און דאָס מעסער זשאַװערט. —
עס װעט זיך צו מײַן טיש מער — אַף אייביק אַ פאַרשעמטער —
נישט זעצן זיך מײַן שװעסטער, מײַן ברודער און מײַן כאַװער!

עס װעט זיך מער מײַן האַרץ שוין נישט פרייען מיט די זאָרגן,
מיט די זיסע זאָרגן פון צו העלפן װען אַ ליבן:
מיט אַ לעצטן ברעקל ברויט און מיט אַ טרייסט אַף מאָרגן...
װעמעס, װעמעס בין איך איצט? און װער איז מיר געבליבן?!

דעצעמבער 1945

# טרערן

מײַן מאַמע האָט איר צאַר אַרײַנגעטרערט אין סידער.
אין די בענטש־ליכט אירע אַרײַנגעטריפט איר פּײַן.
איך, איך טויט־באַצאַרטער זון, טרער מיך אויס אין
לידער. —
ווײ, אויך מיר באַשערט איז אַ קלאָג־מוטער צו זײַן!

אויך מיר! — אין גאָלדיק־רײפן זומער פון מײַן גלויבן.
מיר! — דעם פרומען טאַלמיד פון גרויסן רעבן, מאַרקס,
באַשערט איז קאַדיש זאָגן פאַר אויערן, פאַר טויבע...
און טרייסט עס זוכט מײַן האַרץ, מײַן צונג — אַ וואָרט
אַ שטאַרקס.

ס'איז יעדן דאָר באַשערט זײַן אײכאָ אויסצוקלאָגן,
די רן די פּײַנלעכסטע פון שיווע אויסצושווײַגן.
און עפּשער זײַנען מיר די לעצטע קאַדיש־זאָגער?
די לעצטע אויפצוהענגען די האַרפּעס אַף די צווײַגן?...

און עפּשער טאַקע שוין דער לעצטער קריַץ פון צײַנער?
פון אויגן, אויסגעטריפטע — שוין די לעצטע טרער? —
גרויס איז אונדזער כורבן און ירמעיאָס קלײנע... —
און טרייסט באַדאַרפן מיר און טרייסטן זיך איז שווער!

מײַ 1946.

# מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער...

ס'איז היינט פרילינג אַף דער ערד,
ווער ס'האָט בראָכעס זאָל אים בענטשן! —
איך האָב אויך אַמאָל געהאַט
בראָכעס פאַר דער וועלט און מענטשן.

ס'איז היינט פרילינג אַף דער ערד
און מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער,
מיינע ליפּן — שלאַנגען־גיפט —
קענען שילטן נאָר און צערנען.

הייסע קלאָלעס האָב איך נאָר,
וועל איך זיי, ווי שטיינער וואַרפן
אין דעם פּאַרצעף פון דער וועלט,
אין איר אומפאַרשעמטן פּאַרצעף!

אַלע שיינע, קלוגע רייד
וועל איך אַפן מיסט פאַרשאַרן
און מיין שטאָלצן מענטשן־קאָפּ
בויגן פאַר אַ וואָלף אין שאַרע...



ס'האָבן באַלד פיר טויזנט יאָר
פון דעם שטענסטן וואָרט: „לא תרצח!"
שענער נישט געמאַכטן דעם מענטש,
בעסער נישט געמאַכט די הערצער.

פון די פייערדיקע רייד,
אויסגעקריצט און אויפגעשריבן
אַף די לוכעס פון דער וועלט,
איז אונדז בלויז דאָס אַש געבליבן...



וועל איך שוין מיין טעגלעך ברויט
קנעטן, מיט דעם אַש פאַרמישן
און פאַרביטערן אין מויל
מיר און אַלעמען דעם ביסן.

און פאַרטרייבן דעם גענוס
פון די זאַט־געגרייטע טישן,
ווי עס האָט דער מענטש פון האַרץ
לאַנג פאַרטריבן דעם געוויסן.

און די זאַטע, טעמפּע רו —
מיט מיין דערנער־וואָרט פאַרוווּנדן.
מיידן זאָל דער שלאָף פון אויג,
ווי דאָס טאָג־ליכט מיידט דעם בלינדן!

***

ס'איז היינט פרילינג אַף דער ערד
און מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער,
מיינע ליפּן — שלאַנגען־גיפט —
קענען שילטן נאָר און צערנען!

דעצעמבער 1945.

# קאַשמאַרן

נעכט: קאַשמאַרן, פֿכאַרימדיקע נעכט! —
שוואַרצע קראָען אַפֿן פּלויט
אַרום אַ ביים־אוילעמדיקער וועלט —
קראַקען אוים דאָס ליד פֿון טויט.

שטום — אַ שאָטן מיט צעגליטן מאַרך —
שלייך איך זיך, אַז וויי צו מיר! —
אַרום דעם ביים־אוילעם־פּלויט אַליין,
אַף מיין נאַכטיקן שפּאַציר.

אָפֿן, אויפֿגעבראָכן איז די טיר,
איינגעוואַלגערט איז דער פּלויט,
כאַרעוו איז דעם טויטן־שאַמעשס שטוב
און דער קוואָרעס־מאַן איז טויט.

כ׳פֿאַל צו די קוואָרים צו מיט געוויין,
כ׳גראָב די פֿינגער אין דער ערד,
איך קלויב די פֿאַרקוילטע גלידער אויף,
כ׳גלעט די האָר פֿון פֿרומע בערד.

איך נייג מיין שטערן פרום צו דעם שטויב
פון קדושימס לעצטע טריט. —
דעם זאָקנס קרעכץ און דעם קינדס געוויין
יאָמער איך אַריין אין ליד.

סעפּטעמבער 1945.

# האַלעווײַ...

ס'האָט אַמאָל מײַן וואַנדער־שטאַם
פון דער ערשטער קנעכטשאַפט זײַנער,
מיטגעטראָגן יוסעפס בײנער,
דורך דער מידבער, צו קענאַאַן.

און איך טראָג צו העלע טעג,
אַש פון ברידער און פון שוועסטער —
האַלעווײַ איז דאָס דער לעצטער,
שוין דער לעצטער מידבער־וועג!

אויגוסט 1946.

# שיכעלעך אָנפּיסיקע

שיכלעך אָנפּיסיק־קינדערשע!
שיכלעך נישט דערטראָגענע,
פון פיסלעך נישט דערגאַנגענע,
לעבעדיק באַגראָבענע.

פון בענעוודיקע קינדערלעך,
שוואַרצע און בלוי־אויגיקע,
פון קינדער — נישט געבוירענע
און פון קינדער זויגיקע.

פון קינדער אין קאַפּאָטקעלעך,
מיט געקרויזטע פּייקעלעך —
קליינע, פרומע יידעלעך —
פון צניעסדיקע בייקעלעך.

פון רייכע און פון אָרעמע,
וועלטלעכע און כסידישע,
פון פראָסטע און לאַמדאָנישע,
פון פיסעלעך — פון יידישע!

***

האָבן פּיסלעך, גלייכע רייען,
לאַנגע, שטומע קאַראַוואַנען,
אין מאַרש אין דעם אָנפּיסיקן,
אָנגעהויבן שפּאַנען, שפּאַנען!

שיכלעך גראָבע, שיכלעך פּראָסטע,
שיכלעך דינע, שיכלעך לייכטע —
אין רייען, אין אָנפּיסיקע,
אין רייען אויסגעגלייכטע...

***

שיכלעך גייען, שיכלעך גייען!
פאַרגאַזטע און געהאָנגענע,
דעם וועג, דעם נישט פאַרענדיקטן,
דעם גאַנג, דעם נישט דערגאַנגענעם.

דעם גאַנג פון מענטש, דעם שפּעטערדיקן
און פון קינסטלער מאָרגנדיקע,
פון דיכטער נישט דערזונגענע,
מיט לידער — שטום־דערוואָרגענע.

פון היינעם און פון פערעצעס,
פון באָטווינס און הירש לעקערטס. —
פון גאָר דעם פאָלק דעם מאָרגנדיקן,
פון שוסטערס און פון בעקערס.

פון שניידער־יונגען, פריילעכע,
פון טרעגערס אין „קאַפּטאַנעס",
קאַצאַווים רויט, פּעטלייביקע,
שווערפיסיקע פורמאַנעס.

***

שיכלעך גייען, שיכלעך גייען!
נישט זיי שילטן, נישט זיי בענטשן,
נאָר דערמאָנען, נאָר דערמאָנען
אין מיידאַנעק, אין אָשוויענטשים.

אין די געטאָס, קרעמאַטאָריעס,
אין טרעבלינקעס, סוביבאָרן! —
זיי דערמאָנען און זיי מאָנען
אַלע נישט געלעבטע יאָרן...

יולי 1947.

# פון אייגענעם אַש

איך האָב אַ פאַרשפּעטיקטן בריוו היינט באַקומען,
אַ בריוו פון אַ וועלט, וואָס איז שוין אומגעקומען;

פון שוועסטער און ברידער, אָנצאָליקע קרויווים,
וואָס זיינען פאַרגאַזט און פאַראַשט אין די אויוונס.

און אַש איז געוואָרן דער בריוו אויך דער לעצטער,
געטוליעט ביז לעצט אַף דער ברוסט פון מיין שוועסטער.

דאָך, טיף אין דעם אייגענעם אַש אויסבאַהאַלטן
האָבן זיך אויסיעס גענומען געשטאַלטן.

אַן אָם נאָך אַן אָם האָט געשטעלט זיך אין שורע,
נאָר וויי, ווי געביטן די מאַרע, די צורע!

ס'איז קוים צו דערקענען דעם אַפּשטאַם, דעם ייכעס
פון אוראַלטן הייליקן שריפט פון די לוכעס:

דער אַלעף — דער ערשטער, וואָס האָט פון די הייכן
פון סיניי געגרויסט דאָרט גאָטס „איך" דעם „אָנוכי".

וואָס האָט נאָך אין פעלקער־באַגינען, אין גרויען,
באַשווירן דעם מענטש מיט פאַרבאָטן — מיט „לאָ'ען".

וואָס האָט דעם „לא תרצח" — דעם איקער־איקאָרים,
דעם שטאָלץ פון דעם מענטשלעכן דענקען — זיין
טורעם

באַזיניקט. געגעבן אים האַפט און גוורע —
האָט דאָך נישט פאַרמיטן זיין אייגענע קוורע.

דער יוד — פון די אויסיעס דער שטאָלץ, די נעשאָמע:
אַליין באַ „יהוה" דער ערשטער אין נאָמען.

ער האָט פון דעם ערגסטן — דאָס ערגסטע געליטן:
עס האָבן די פלאַמען זיין קאָפּ נישט פאַרמיטן.

זיין קאָפּ מיט די געוויינישע קנייטשן אין שטערן —
אַ פייל יעדער קנייטש פאַרן זיין און געווערן.

און איטלעכער קאַרב אַפּן פאַרמעטן פּאָנעם —
אַ סטעזשקע פון דוירעס צו דוירעס סאַוולאָנעם...

⁂

עס האָט קיין שום אָס נישט פאַרמיטן די וווּנדן!
און וווּנדיק, פון אייגענעם אַש אויפגעבונדן,

האָבן זיך אויסיעס גענומען געשטאַלטן.
אַן אָס נאָך אַן אָס האָט אַ וווּנטש אויסבאַהאַלטן.

און כ׳האָב פון די שורעס באַנומען דעם זינען,
דעם וווּנטש פון די טויטע, דעם לעצטן געפונען,

פון שוועסטער און ברידער די לעצטע באַגערן:
עס זאָל זייער טויט מער קיין טויט נישט געבערן...

# אַ פֿרילינגס־ליד אַזאַ

אַ נײַ, גרין העמד האָט די ערד אַף איר לײַב אַרויפֿגעצויגן.
איר אַלט־געקאָרטשעטע לײַב אויסגעצירט אין אַלע פֿאַרבן־כּיינען.
זויפֿט אײַן מײַן דורשטיקער בליק די פֿאַרבן פֿון רעגנבויגן
און פֿון פֿאַרבן בעגילופֿן הייבט מײַן בליק אָן צו ווײנען:

אויף אין טרעבלינקע, מײַדאַנעק, אין בלוטיקן אָשוויענטשים,
אויף דאָרט האָט די ערד קאָקעטיש גענומען זיך צעצוויטן. —
דאָס האָט דער פֿרילינג אָנגעטאָן אַף טאַליענס האַנט אַ הענטשקע,
פֿאַרוויקלט אין טאַכריכים גרינע אונדזער אַש צעשיטן.

און דער הימל: ווי ער האָט זיך צעשמייכלט אַזאַ בלויער!
(פֿאַרוואָס האָט ער אין טיפֿן צאַר זײַן בליק נישט אויסגעלאָשן?)
און דער באַגינען וואַשט זיך ווידער, טוויוולט זיך אין טויען!
און דער אָוונט רויטלט זיך, ווי אין כּופֿע־נאַכט אַ כּאָסן...

**
*

זויפֿט מײַן בליק די פֿרילינגס־פֿאַרבן און ס'האַרץ מײַנס הייבט
אָן זינקען,

ווי ס'זינקט אַ שטיין צום גרונט פון יאַם, פון באַרג־שפּיץ
אָפּגעשלאָגן. —
אין מיר גייט אויף דער פרילינג היינט, אין מיר גייט אויף
טרעבלינקע —
ווי קען מען אַזאַ צווילינג גאָר אין איין געמיט אויסטראָגן?...

# צום יוים הדין

אויסגעוויינט די לעצטע טרער.
טרוקן איז מיין טרערן־קוואל.
האט מיין צאר היינט אויפגעיערט,
אויסגעגאסן זיך אין גאל.

וויינען מער האט נישט קיין זין,
טרערן שוואכן אפ די פויסט. —
נישט דאס פאלק שטייט היינט צום דין,
ס'רופט דאס פאלק זיין גאט ארויס:

האסט דיין סטאדע שלעכט געפירט!
און צום וואלף געלאזט די שאף!
נישט די סטאדע, נאר דער „הירט"
ווערט געמישפעט, ווערט באשטראפט.

נידער פון דיין טראן אראפ!
ווארף דיין קרוין אין ברוך אוועק!
און דיין געטלעך־שטאלצן קאפ
מיט מיידאנעק־אש באדעק!

בייג דיין רוקן נידעריק איין!
טו די געלע לאַטע אָן!
זעסט אַ קוואָרעס־שאַמעש זיין
פון קדושים זעקס מיליאָן!

**
*

האָסט אַמאָל — געדענקסט מיסטאָם
אין דיין יוגנט־זינד, מיין האַר?!
מאַן געטיילט דיין וואַנדער־שטאַם
און זיין ליבע אויסגענאַרט...

„לייטזעל" האָט דיין מויל געטריפט,
„פרייהייט" האָט דיין שטים געשאַלט! —
ס׳איז געווען אַ יוגנט־שטיף
פון אַ גאָט אין מענטשס געשטאַלט...

האָט דיין אויסדערוויילטער שטאַם
שוין זיין לייכטזין וויפל מאָל
אויסגעבערענט אין שייטער־פלאַם,
מיט קדושים־בלוט באַצאָלט.

איבער דורעס שאַרבן־טרעפ
פירט דער ליבע־בונד מיט דיר.
גאָט, עס איז דיין פאָלק דערשעפט!
ליבע האָט דאָך אויך אַ שיר!...

ערעוו יאַנקיפּער 1945.

# סע סקריפּעט אַ טליע אַף איטלעכן בוים נאָך

— א. —

עס זײַנען די גאַז־אויוונס נישט אָפּגעקילט נאָך.
עס האָבן די קינדער די שפּיל נישט דערשפּילט נאָך...

עס האָט נישט דער יאָסעם דעם קאַדיש דערזאָגט נאָך.
עס האָט די אַלמאָנע איר קלאָג נישט דערקלאָגט נאָך.

עס קרעקט זיך מיט אונדזער געביין אַלץ די ערד נאָך.
עס האָבן די יאַמען דאָס בלוט נישט פֿאַרצערט נאָך.

מיט רויך פֿון מײַדאַנעק עס וואַרגט זיך דער רוים נאָך.
סע סקריפּעט אַ טליע אַף איטלעכן בוים נאָך.

דער כאָלעל איז פֿול נאָך מיט אונדזערע שרעקן. —
נאָר איר ווילט דאָס אַלץ פֿון זיקאָרן אויסמעקן!

— ב. —

איר שטייט באַ די נאָך נישט פֿאַרשאָטענע גריבער
און ווינקט מיט דער מינכענער זווינע זיך איבער!

איר ברענגט שוין מעכילע די מינכענער קאַטן.
איר זענט זיך אַפילע מיט זיי שוין מיסכאטן.

דערווײַל — בעסאַד־סוידעס, אַף טונקעלע ערטער,
באַדעקט מיט אַ כופּע פון זײַדענע ווערטער...

מיט ווערטער־מעזוזעס אַף אומריינע טירן —
איר ווילט אונדז דורך וואָל סטריט קיין מינכן פאַרפירן...

— ג. —

איר זאַלבט שוין דער כײַעס פאַרווונדיקטע לאַפּעס
און בלוטיקן שוטפעס די ערד צו פאַרכאַפּן.

אין הייליקן מאָרד־בונד איר ווילט עס באַוויַזן
אָפּלענקען די ערד פון איר זוניקן קרײַזן...

אַף גילדענע גאַפּלען די ערד אַרויפשטעכן
און ברענגען צעפערטלט צום טיש פון פאַרברעכן. —

פריש, פון אַטאָמישן פײַער, צום באַל־טיש. —
צום שיקערן באַל־טיש פון וואָל־סטריטער וואָלפיש...

— ד. —

און איר, די „בני־חורין", די איינציקלעך מוישעס,
ווילט שפּאַלטן דעם „ים־סוף" — צוריק־וועגס — קיין גוישן...

אויפֿסניי פּיראַמידן פֿאַר פֿאַרען געשטאַלטן
און איר זאָלט, ווי שוטרים, די שקלאַפֿן־בייטש האַלטן!

איר ווילט דעם „לא תרצח" אַף צווייען צעבייטן:
דעם „תרצח" פֿאַר זיך און דעם „לא" — פֿאַר אַ צווייטן...

מאַרץ, 1951

# גרויס־שטאָט

דעכער אַף דעכער און שטאָקן אַף שטאָקן —
פון שטיין און צעמענט עס וואַקסן אויס בלאָקן.
זעלטן אַ הייזקע אַן אַלטע, געבויגן,
קראַטעס אַף פענצטער, ווי בעלמעס אַף אויגן,
פאַרלאָזט, ווי אַ באָבע אַליין אַף דער עלטער.
געראָטענע אייניקלעך, דאָך עפּעס קעלטלעך...
לייבלעכע קינדער און דאָך — עפּעס ווייטע;
קוקן פון אויבן אַרונטער, פאַרשייטע,
שמייכלען דורך ליכטיקע פענצטער און זאָגן:
באָבעשי, ליבע, דו זעסט ווי מיר יאָגן?!

שטאָקן אַף שטאָקן, מיר וואַקסן, מיר גרייכן,
מיר וועלן דערגרייכן די הימלישע הייכן!
מיט אונדזערע קעפּ — די הימלען דורכשפּאַרן.
מיר וועלן דורך פענצטער מיליאָנען פאַרנאַרן
די זוניקע שטראַלן — דעם טאָג צו באַשווערן.
דורך טויזנט קאַלירטע עלעקטרישע שטערן
די מאַכט פון דער נאַכט מיר וועלן פאַרברענען. —
באָבע, וועסט זען, וואָס די אייניקלעך קענען...

# אין שפּיל צווישן כוואַליעס רולעטע און זינד

פון ווייטן דער פּלאַטאַ — ער זילבערט און בלענדט.
פון הימל די בלויקייט — רינט איבער די הענט.

די זון גיסט איר שעפע מיט ליכט אַף די קעפּ.
זי שפּיגלט איר פּאָנעם אין מירמלנע טרעפּ.

באַ פענצטער קרישטאָלענע, גאָלדיק־צעגליט,
שפּילט זי אַף שטראַליקע סטרונעס איר ליד.

נאָר אין דיין בליק האָט די זון נישט געשפּילט.
דיין בליק האָבן האַרבסטיקע וואָלקנס געהילט.

דיין בליק איז מיט ווינטן באַלאָדן געווען,
אַף אַלץ אומגעפּלאָנטערט און גאָרנישט געזען...

אינמיטן פון שיקרעס, טיינוגים־יאַריד,
געטויכט האָט דיין בליק אין זיין אייגן געמיט.

געגראָבן אַ טונעל דורך שעטעך און צייט
און נאָענט געוואָרן איז אַלץ, וואָס איז ווייט.

**
*

האָסט, מעגלעך, אין רוישן פון פּלאַטאַ דערהערט
דאָס שעפּטשען פון היימישן טייכל פאַרקלערט?

דערזען האָסט דעם דאָרפישן, זאַמדיקן שטעג.
און עפּשער אויך באָרוועסע, קינדערשע טעג? —

ווי מיינע און אַנדערע זיינען געווען.
צי גאָר — אַ שוועסטער, אַ ברודער דערזען,

אין אַש פון מיידאַנעק? און האָסט אים דערקענט —
און דאַווקע אַצינד, אינעם זוניקן בלענד!...

אין טייוויקן רייז, אין פּערפּומיקן הויך,
האָסטו דערפילט דאָרט דאָס שטיקן פון רויך.

דאָס ברענען פון מענטשלעכן לייב און געביין.
און פרעמד ביסט געוואָרן, ווי ס׳טרעפט — זיך אַליין...

נאָר אייגן געוואָרן נאָך מער איז די ווונד,
כאָטש נעם דעק זי אָפּ, זאָלן לעקן די הינט

דאָס בלוט, וואָס פאַרטריקענען וועט נישט קיינמאָל!
ס׳דאַרף קיינער דיין ווונד נישט אין טייוויקן טאָל.

אין שפּיל צווישן כוואַליעס, רולעטע און — — — זינד —
נישטאָ איז קיין צייט און קיין פּלאַץ פאַר דיין ווונד!

אַ שעפּע אַף זינד און אַ קורצע די נאַכט...
דיין צאַר הינטער טויזנטער שלעסער פאַרמאַך!

און שטער דאָ נישט קיינעם! — דאָ האָט מען מיט גאָלד
פאַר ברעקלעך ערדיש גאַניידן באַצאָלט.

און צאָלן צאָלט יעדער מיט וואָס אים געהער:
דער רייכער מיט גאָלד — ער האָט גאָרנישט־נישט מער!

און דו האָסט אַ האַרץ יאָ — רייכער ביסטו!
נו, צאָלסטו מיט האַרץ, דו צאָלסט מיט דיין רו...

**
*

און איך האָב אין בליק דיינעם — מיינעם דערזען.
דיין אומרו אין בליק איז אויך מיינער געווען.

# וועטער שטילע

טויוולען זיך שטיינערנע גאַסן
אין ערעוו־פרילינגדיקן רעגן.
מעקאַבל־פּאַנעס זיין דעם פרילינג
וואַשן זיך היינט אַלע וועגן.

אויך די גערטנער און די פּאַרקן
גרייטן זיך צום פרילינגס קומען:
צוואָגן זיך די קעפּ אין רעגן,
פלעכטן זיי מיט גרינס און בלומען.

וואָלקנקראַצערס, שטאָלץ־פּאַרריסן,
ווערן, דוכט זיך, מילד און טרוימען.
און פאַרבענקטע צו די הימלען
קרייזלען וואָלקנס זיך פון קוימענס.

פענעמער — פאַרשטיינערט־האַרטע,
אויגן — פול מיט צאַר פאַרשטיקטן —
שמייכלען מילדע, ווי בא קינדער,
קושן בליקן זיך מיט בליקן.

אויך מיין האַרץ האָט זיך צעפּרילינגט,
אויפגעבליט מיט ליבע, טפּילע,
פלעכט איך אוים מיין פרילינגס־בענקשאַפט
אין אַ קראַנץ פון ווערטער שטילע.

# אין לאַנד פון גאָלדענעם אָקס

איך געזעגן זיך מיט אייך! —
נו, עס טוט אַ ביסל באַנג. —
כ'האָב מיין ניגון שוין פאַרוועבט
דאָ, אין אייער כאָר־געזאַנג.

ס'האָט דער האָדסאָן שוין פאַרטרויט
זיינע סודעס אויך צו מיר.
נישט איין האַרץ האָט שטילערהייט
אויפגעמאַכט פאַר מיר די טיר.

און אַ שוועל האָט ערגעץ־ווו
אַף מיין קומען שוין געוואַרט.
כ'האָב געטרונקען אייער פרייד,
כ'בין מיט אייער צאַר באַצאַרט.

און ווי אייגן מיר, דעם ייד,
איז דער צאַר אין נעגערס בליק! —
אין דעם שווערן גאַנג פאָרויס
ליגט אי זיינס, אי אונדזער גליק.

אייער גאַנג פאָרויס, צום גליק,
איז אויך אַלעמענס פאָרויס.
רייך איז אייער מאַמע־ערד
און פון גאָלד איר מאַמע־שויס.

נאָר דאָס אַלטע גאָלדן־קאַלב
איז בײַ אײַך — קיין שום בייז אויג —
אויסגעוואַקסן, גרויס — אַן אָקס!
בײַ דעם פעטן פּאַשע־סטויג.

אַ צעווילדעוועטער אָקס
אין דעם ברייטן פּרעריע־פעלד!
און מיט הערנער — סאַמע גאָלד —
שטויסט ער, מייסט אָקס, די וועלט...

כ׳האָב געזען די שווערע מי
דעם אָקס צו האַלטן אויפן שטריק.
כ׳גלויב, אַז קיין שום אָקס קען נישט
דרייען מער דאָס ראָד צוריק.

כ׳האָב געזען די שווערע מי
אויך פאַר אונדז, פאַר אונדזער זיין—
וויפל שיין ס׳איז דאָ פאַראַן!
וויפל שאָטן אין דער שיין!...

***

איך געזעגן זיך מיט אייך,
כ׳נעם מיט זיך אַ גרויס פֿאַרמעג:
בליקן, וואַרעמע פֿון פֿריינט;
לאָגלען בענקשאַפֿט אַפֿן וועג.

# עס לעשן זיך שטערן

עס לעשן זיך אויס שוין די לאָמפּן אין שטאָט,
עס לעשן אין הימל זיך שטערן. —
די נאַכט ווערט צערונען אין אָנבליק פון טאָג,
דער טאָג דאַרף געבוירן ערשט ווערן.

צעוועקט זיך די ערד, די פאַרשלאָפענע ערד,
פון לאַנגן באַנאַכטיקן דרימל
און קוקט מיט איר גרויען, פאַרנעפּלטן בליק
אַרויף צו דעם בלוילעכן הימל.

און הערט מיט פאַרשפּיצטע אויערן זיך איין
צום פריידיקן טראָט פון באַגינען,
צעשטראַלט זיך איר פּאָנעם מיט ראָזעווער שיין,
ווערן די נעפּלען צערונען.

און ס׳לאָזט זיך די ערד, די אויפגעוואַכטע ערד,
מיט אָפענע אָרעמס אַנטקעגן,
אַנטקעגן דעם ניי, ערשט-געבוירענעם טאָג,
וואָס קומט אָן אַף זוניקע וועגן.

# פּאַרנאַכט

ווען איך קום פּאַרנאַכט־צו אַהיים פון פאַבריק,
לויפט מיר אַנטקעגן מיט פרייד אינעם בליק,
מיין טאָכטער מיין קליינע, אַ פּיצל — אַזאַ...
און זי גריסט מיך פון וויטן: „האָלאַ, פּאַפּאַ!"

און גלייך אַף די הענט צו מיר טוט זי אַ שפּרונג —
ווערן די הענט, מיינע מידע, מיר גרינג...
און כ'גלעט איר די לאָקן, איך קוש איר פּאַר פרייד.
מיין טעכטערל פּלאַפּלט, דערציילט און דערציילט.

דערציילט מיר פון אַלץ, וואָס געשען איז אין טאָג:
ווי הינטעלע האָט זיך נאָך קעצל געיאָגט.
ווי ס'איז איר די ליאַלקע, דערציילט זי פאַרטרערט,
נעבעך אַרונטערגעפאַלן אַף דער ערד
און האָט זיך, אַז ווייַ איז דעם טאַטן און ווינד,
דאָס נעזל צעקלאַפּט און אַ פּוס אויסגעקרימט.

נו, הער איך זיך איין אין מיין טעכטערלס רייד,
באַווייזט זיך פון ערגעץ אין שטיבל די פרייד,
מיט ליפּן צעשמייכלטע, אויגן — צעהעלט
און טרעט שוין דעם אָוונט נישט אָפּ פון דער שוועל...

# נישט אַף געלעכטער

איך „שפּיל“ מיט מיין טאַטן אין פערדלעך,
נישט ווי מען שפּילט אַף געלעכטער:
מיר שפּאַנען זיך איין אין אַ וואָגן,
טאַקע אַ וואָגן, אַן עכטער.

פול איז דער וואָגן באַלאָדן
מיט קאָלערליי גרינסן און אויבסט.
אין וואָגן געשפּאַנט זיינען מיר דאָרט,
ווי פערד צוויי: אַ קליינס און אַ גרויס...

מיר פירן די פרוכטן פונאַנדער,
טאָג־טעגלעך, אין צענדליקער שטיבער.
טראַמווייען און אויטאָמאָבילן,
זיי יאָגן מיט כויזעק אונדז איבער.

זיי יאָגן אונדז אָן מיט געפּילדער
און איילן אַוועק ערגעץ ווייט.
זיי טרובען צו אונדז מיט געבייזער:
„הער, גיכער, אַראָפּ אַף אַ זייט!“

מיר קערעווען אָפּ אַף אַ זייט,
אָט, לינקס און אָט, באַלד אַף דער רעכטער. —
איך „שפּיל“ מיט מיין טאַטן אין פערדלעך,
נישט ווי מען שפּילט אַף געלעכטער...

# אין גילדענע נעצן

איז לויטער פון גאָלד היינט די זון אויפגעגאַנגען
און האָט אירע גילדענע נעצן צעהאַנגען:

אַף שפּיצן פון ביימער, אַף דעכער און דראָטן.
אַף גלאַנציקע שינעס די שטראַלן צעשאָטן.

אַף מעשענע שילדן, אַף שויבן און קראַטן.
און גילדענע נעצן פאַרוואָרפן אין פלאַטאַ.

אַף פאָנען פון שיפן די שטראַלן צעהאַנגען —
דעם טאָג אין די גילדענע נעצן געפאַנגען.

# ווען עס רוישן יאַם און לידער

ס׳האָט די זון — אַ רויט־צעפּלאַמטע —
זיך אַריינגעשיפּט אין יאַם,
האָט דער יאַם זיך אָנגעצונדן
און געוואָרן פייער־פלאַם.

האָבן פלאַמענדיקע כוואַליעס
זיך אין יאַם אַ שיט געטאָן,
כוואַליעס — פייערדיקע שיפלעך,
זעגלען — פלאַטערדיקע זון.

האָב איך אין אַ פייער־שיפל
זיך פאַרשיפט און בין אַוועק.
שווים איך אין אַ יאַם פון פלאַמען
צו אַ פייערדיקן ברעג.

מיט אַ ליד אַף מיינע ליפּן,
מיט מיין בליק צו זון־פאַרגאַנג.
טרינקט מיין בליק פון יאַם די ווייטן
און דער יאַם טרינקט מיין געזאַנג.

און מיר ווערןביידע שיכּער:
פון געזאַנג און זונענשיין. —
ווען עס רוישן יאַם און לידער
מעג מען, דאַרף מען שיכּער זיין...

# סוידעס פון יאַם

ליגט דער יאַם און דרימלט שטיל.
עפּעס שעפּטשעט ער אין דרימל.
רויק! — דאָס פּאַרטרויט דער יאַם
זיינע סוידעס צו דעם הימל.

ער דערציילט אים אַף זיין שפּראַך
סוידעס פון די טיפן זיינע —
ווער עס קען די שפּראַך פון יאַם
דער באַנעמט זיין שטומע טיינע:

דאָס באַקלאָגט ער זיך, דער יאַם,
וועגן אומרו אין די טיפן...
היי, דו קאַפּיטאַן, זיי וואַך! —
ס׳וועט דער יאַם זיך באַלד צעשטיפן.

זעסט? — אָט וועקט ער זיך, דער יאַם,
דוכט זיך, שלעפעריק, פאַרטראָגן.
דרייט זיך, קווענקלט זיך און קרעכצט,
ווי ער וואָלט זיך נאָך באַקלאָגן.

שעמט זיך עפּעס, נאָך נישט דרייסט,
נאָר עס וועט שוין נישט געדויערן,
עפּעס יויערט אין זיין שוים,
עפּעס ווערט שוין דאָרט געבוירן.

און אָט שפּרינגט אַ כוואַליע אויף —
וויפל דרייסטקייט אין איר שפּרינגען!
ערשט געבוירן אין דער טיף
און שוין האָפּערדיק צעזונגען!

ערשט נאָר איינע און שוין פּיל!
גאַנצע מאַכנעס — ווילד צעשויבערט.
וויפל גוורע איז פאַראַן
אינעם שטורעם! וויפל צויבער!

פון די טיפן טויכן אויף
כוואַליעס — ריזיקע אַרמייען
און זיי ברומען אויס איז כאָר
דווירעסדיק פאַרשטיקטע ווייען.

טורעמען זיך, שטייגן אויף
און צעשפּריצן זיך, צופאַלן.
נעמען ווידער זיך צונויף,
ברידערלעך, מיט קריגער־שאַלן!

# דער טויטער פֿאָרט

נישט עס קומען דאָ קיין שיפֿן,
נישט זיי גייען ווו אַוועק,
וואָס־זשע יאָגן זיך די כוואַליעס
צו דעם ברעג און פֿון דעם ברעג?

טראָגן זיך אַרום צושויבערט,
איינציקווייז און אויך באַנאַנד,
שטורעמען דעם פֿאָרט דעם טויטן
און צעשלאָגן קאָפּ אָן וואַנט.

שפּרינגען אָפּ און קומען ווידער,
ביז זיי ווערן מיד און מאַט
און זיי פֿאַלן שטיל, פֿאַרוויטלט
אין די אָרעמס פֿון פֿאַרנאַכט.

מורמלען עפּעס כוואַליע־לאָשן
אין דעם שוים פֿון זון־פֿאַרגאַנג.
ווער עס וויל — פֿאַרשטייט די כוואַליעס,
זייער מורמלענדיק געזאַנג.

זינגט אַ כוואַליע, אַ פאַרבענקטע:
„עד, געווען אַמאָל אַ צייט! —
ווען עס פלעגן שווער־באַלאָדן
קומען שיפן פון דער ווייט“.

„גליקלעכע געווען די צייטן! —“
העלפן אַלע כוואַליעס צו —
„ס׳פלעגן שיפן פון מערכאַקים
ברענגען זעט אַהער און רו“.

„ווען די פענער אַף די מאַסטן
האָבן זיך מיט אונדז באַגריסט
און לעשווינעס אומבאַקאַנטע
אין איין לאָשן זיך פאַרמישט“.

„און די אַרבעט, גאָר אָן אָפּרו,
האָט געפלאַקערט נעכט און טעג:
שיפן האָט מען אָפּגעלאָדן
און פאַרלאָדן זיי אין וועג“.

„הענט — פאַרברוינטע, מוסקולירטע,
אָדערן — אַ שטריק־געפלעכט —
האָבן זיך מיט זעק און קאַסטנס
דרייסט פאַרמאָסטן אין געפעכט“.

„שווערע לאַסטן פון די קעלערס,
אויפגעהויבן זיי צום ברעג,

האָבן וואַרטנדיקע באַנען
אויפגעכאַפּט זיי און אַוועק".

„שווער־באַלאָדענע וואַגאָנעס
האָבן זיך פון אָרט גערירט,
צוגעקרעכצט זיך פון האַנאָע
און די זעט אין לאַנד צעפירט".

***

„זיינען הייזקעס אויסגעוואַקסן
אַרום פּאַרט, ווי איבער נאַכט,
ס'האבן פענצטער זיך צעפינקלט,
ס'האָבן קינדער דאָרט געלאַכט..."

„כאַטש נישט שטענדיק האָבן קינדער
אָפּגעגעסן צו דער זעט,
דאָך — אַ היים געווען, כאָטש אָרעם
און אַן אייגן אָרעם בעט".

„שטייען איצט די הייזקעס בלינדע,
אַן אַ פייער־פונק אין שויב,
לאַכן דאָ נישט מער קיין קינדער,
זיינען גאַסן שטום און טויב".

***

שלאָגן גרויע קעפּ פון כוואַליעס
אין דעם טויטן שטיינער־ברעג
און דערמאָנען גוטע צייטן,
וועלכע זיינען שוין אַוועק...

# באַגינען אין די בערג

עס האָבן די שפּיצבערג אין פלאַמען געהילט זיך.
מיט נאַכט זיך פאַרמאָסטן, מיט כווּשעך געשפּילט זיך.
די שאָטנס מיט בעזימער שטראַלן געקערט זיי
און איינעם נאָך איינעם אין פייער פאַרצערט זיי.

נו, האָבן זיך שאָטנס אין טאָלן באַהאַלטן.
פאַרשטעקט אין די פאַלדן פון באַרגיקע שפּאַלטן.
גענומען אין פּאַניק צעלויפן זיך, יאָגן,
אין שרעק פאַר די שטראַליקע ריטער פון טאָגן.

נאָר וווּ זאָלן שאָטנס אַנטלויפן? אַנטרינען? —
עס האָט שוין באַגינען אַ נעץ אויסגעשפּינען
פון שפּיצבערג די הויכע ביז טיפקייט פון טאָלן,
פון טויזנטער זונען און שטראַלן־קרישטאָלן.

און ווו נאָר אַ שאָטן פאַרזאַמט האָט, פאַרשפּעטיקט,
נו, האָט אים באַגינען מעכילע געבעטן...
און וויי צו די שאָטנס, וואָס האָבן אין שרעק זיך
אין פאַלדן פון נאַכט, אין די לעכער פאַרשטעקט זיך!

עס האָט זיי באַגינען — אַ ליכטיק־צעגליטער —
געיאָגט און געשמיסן מיט פלאַמיקע ריטער!
מיט בעזימער שטראַלן געבעזימט, געקערט זיי
און איינעם נאָך איינעם אין פייער פאַרצערט זיי.

# ווינט־מילן

ליב האָבן האַרבסטיקע ווינטן זיך שפּילן,
אַף פעלדער אַף פרייע, מיט פליגל פון מילן.

טרייבן די פליגל און פייפן זיך אונטער,
דרייען זיך פליגל געשווינדט און געשווינטער.

וועקן זיך מילן און הייבן אָן רוישן.
ווערן מיט מעל פול אין מיל אַלע קוישן.

הייצט מען די אויוונס, צעטאַנצן זיך פלאַמען,
באַקן אוים קאָרענע ברויטן די מאַמעס.

קאָרענע ברויטן מיט קימל פון אויבן.
שמעקן די ברויטן אַרוים פונעם אויוון.

עסן די קינדער און וואַקסן געזונטע
און דאַנקען פון האַרצן די האַרבסטיקע ווינטן.

# אַ קאָלאָניסטישע טפילה

רעגן גוטער, רעגן ליבער! —
אין די קאָלאָניסטן־שטיבער
וואַרט מען אויף דיין קומען לאַנג.

ס'איז פון צער די מאַמע קראַנק
און דער טאַטע — גרוי פון זאָרגן.
ס'וויל דער קרעמער מער נישט באָרגן,
נישט קיין ברויט און נישט קיין זאַלץ.
און פון שטוב — פאַרזעצט שוין אַלץ.

עס טריקנט אינעם מויל די צונג.
אויך די ערד, זי לעכצט אַ טרונק.
עס וועלקט די זאַנג, עס דאַרט דער בוים.
עס פאַלט פאַר דורשט דאָס פערד אין צוים.
עס שטערבט פאַר דורשט די קו זיך אויס. —

מען וואַרט אויף דיר אין יעדן הויז,
אַלע קאָלאָניסטן־שטיבער —
רעגן גוטער, רעגן ליבער!

# שפּעט־זומער

ס׳האָט דער האַרבסט זיך ווי פאַרשפּעטיקט,
נישט מען זעט אים, נישט מען הערט אים! —
כאַפּט דערווייל אַריין דער זומער
וויפל נאָך עס איז באַשערט אים.

יעדער טאָג איז ווי געפונען,
יעדער שאָ קען זיין די לעצטע,
בלויען זיך נאָך מער די הימלען
און די זון טוט אויך דאָס בעסטע:

שיינט מיט אַלע זיבן כיינען!
הערט נישט אויף צו גלעטן, גליען.
און די בלעטער אַף דיביימער
איילן זיך נישט צו פאַרבליען.

אָפּצווועלקן, אָפּצובליען
איז נישטאָ זיך וואָס צו איילן...
הייבן זיי די קעפּ צום הימל,
דאַנקען פרום פאַר יעדער ווײַלע.

טרעפט זיך ווו אַ בלאַט, אַ בלימל,
לאָזט פאַרוועלקט דעם קאָפּ אַרונטער —
גיי פאַרשטיי עס, צי פון טרויער,
צי פון מוירע פאַרן ווינטער?

דאָך, באַנאַרישט זיך אַביסל:
וואָס זיי האָבן אַלץ פאַרלוירן! —
וואָסער בלוילעכע פאַרטאָגן,
גלייך ווי פונדאָסניי געבוירן!

און די רויטלעכע פאַרנאַכטן! —
ווער קען דען אין שטוב איינזיצן?
און די נעכט! — ווער קען דען שלאָפן? —
טונקל־בלוי מיט זילבער־שפּיצן.

צו פאַרשלאָפן אַזאַ וועלטל
איז פון אַלע זינד די גרעסטע:
יעדער טאָג איז ווי געפונען!
יעדער שאָ קען זיין די לעצטע!

# האַרבסט־קאַלירן

דרימלען געל־פאַרברוינטע טאָלן.
גראָזן — אָפּגעגרינט, פאַרוועלקט.
ס'האָט דער האַרבסט גענומען מאָלן,
איבערפאַרבן שטאָט און פעלד.

און אַ מייוון אַף קאָלירן,
אַ מעפונעק איז דער האַרבסט:
ער קען אויך דעם טויט באַצירן
מיט אַ לעבעדיקער פאַרב...

מאָלט ער שיינע באַקן, רויטע,
אַף א טויטן בלאַט אַרויף.
און, ווי פריש־פאַרברוינטע ברויטן —
כאַטשע נעם און שנייד זיי אויף —

דרימלען פעלדער, זאַטע, מידע,
ערעוו האַרבסטיקן פאַרזיי.
נאָר מיט אומרו און מערידע
ווימלען ווינטן איבער זיי.

אויך די שטאָט איז, דאַכט זיך, אַנדערש:
יעדער הויז — פאַרטראַכט — אַ סאָד.
ס'האָט דער האַרבסט־ווינט אין זיין וואַנדער
נישט פאַרגעסן אין דער שטאָט.

אַף די שטאָקן אויפגעגאַנגען
און זיין אַרבעט דרייסט געטאָן:
געפּלען ווייסע אויפגעהאַנגען,
ווי אַ ווייסע שאָלעם־פאָן.

קוקן האַרטע שטיינער־בלאָקן
דורך די נעפּלען, ווייכער, מילד.
יעדער הויז — אַ גרויער זאָקן
מיט פאַרטערטער בריל באַברילט...

און די מענטשן — יונגע, אַלטע —
גיי באַגרייף עס, גיי פאַרטייטש:
עפּעס, ווי אַ סאָד באַהאַלטן
ליגט אין יעדן שטערן־קנייטש.

פון די בליקן, די פאַרקלערטע,
שווייגט אַרויס דער סאָד אַליין,
שרייט דאָס שווייגן פון באַשערטקייט,
די עלעגיע פון פאַרגיין...

**

זאָלן קנייטשן זיך די שטערנס,
אויגן — זוכן אַ באַשייד —
ערגער קען דער מענטש נישט ווערן,
בעסער? — עפּשער, מיט דער צייט...

# בענקשאַפט

מײַן שלאָפלאָזער בליק האָט אַ טונעל אין כאַשכעס פון נאַכט
דורכגעבויערט.
אַף נישט געזעענע נאַכט־סטרונעס האָט מײַן בלוט זײַן בענקען
אויסגעברומט.
מײַנע ליפּן האָבן אויסגעקושט פון די אויגן דײַנע דעם טרויער.
מײַן וואָרט צו דיר האָט אין טויזנט פאַרשיידענע קלאַנגען
אויסגעשטומט.

כ'האָב אין צעבליטן ווערטער־גאָרטן פון מאַמע־לאָשן נישט געפונען
קיין איינציק וואָרט אַזאַ, וואָס זאָל פון מײַן בענקען דערציילן
צו דיר.
איז בעסער מײַן בענקען — דאָס גליק מײַנס דאָס טיפסטע — צו
דיר הײַנט אויסשטומען.
און אויב מײַן בליק וועט פון דעם בענקען דיר דערציילן — קלאַפּ
אָן אין מײַן טיר.

עס האָט מײַן שוועל אין טוי זיך געוואַשן און וואַרט אַף דײַן
באַטרעטן.

װעל איך אַף מײַן נישט באַטרעטענער שװעל זיצן און װאַרטן אַף דיר.
עס װעט די זון מיט שטראַלנדיקע פֿינגער אין מײַן טיר דיך פֿאַרבעטן.
און אויב דו װעסט נישט קומען — אַ דאַנק דיר פֿאַר דער
בענקשאַפֿט, װאָס איז אין מיר!

# טיפער פון יאַם

ס'האָט דער יאַם זיך, ווי געביטן,
זיך פאַרשטעלט, נישט צו דערקאָנען,
גלייך עס וואָלט היינט דער באַשאַפער
אָפּגעקערט פון אים זיין פּאָנעם...

דרייט זיך, וואַרפט זיך, ווי אין קרעמפּן
און עס מישט זיך יאַם מיט הימל!
האָט דער אַלטער וועלט־באַשאַפער
היינט, כאָלילע, איינגעדרימלט?

איז נישטאָ ווער ס'זאָל דאָס וואַסער
אין די יאַמען ווידער צוימען?
און די וואָלקנס איינצוזאַמלען,
זיי אויסשפּרייטן אין די רוימען?

ס'וואָלט אַ נייער וועלט־באַשאַפער
גאָר באַדאַרפט די וועלט באַנייען,
פון דעם אַלטן טויאו וואָוויאו,
פון דעם כאַאָס זי באַפרייען.

נאָר ביז דעמאָלט — גאָט אין הימל! —
זאָל די שיף צום ברעג דערשווימען!
אויב מיין זכוס קען איר נישט ביישטיין,
אין איר נויט אַנטקעגן קומען? —

רוף איך דיך איצט, גאָט פון ליבע,
אין דעם זכוס פון איר, מיין ליבער! —
פיר די שיף אָן שטרויכלונגען
דעם שטורעמדיקן יאַם אַריבער!

אין דעם זכוס פון שמייכל אירן!
אין דעם זכוס פון אירע אויגן!
אויך דער שטרענגער גאָט, יעהאָווא,
מעג פאַר זיי דעם קאָפּ פאַרנויגן.

אירע אויגן זיינען העלער,
ליכטיקער פון דיינע שטערן.
ס'וועט די פרייד אין האַרץ, כאָלילע,
אָן איר בליק פאַרלאָשן ווערן!

אירע אויגן זיינען טיפער,
גרונטלאָזער פון דיינע יאַמען!
גאָט, אין זכוס פון איר, מיין ליבער,
זאָלסטו דיינע ווינטן צאַמען!

# געקרייצט מיין וועג...

ס'איז מײַן לאַנד עקזאָטיש־היים און היים איז אויך מײַן בלוט. —
נישט איין בלוי־אויגיקע, ווי דו, האָט מײַן וועג געקרייצט.
ס'האָט מײַן קאָפּ אַף ווייכן שויס נישט איינמאָל שוין גערוט
און נישט איינמאָל האָט מײַן האַרץ, מײַן בענקענדיקס, געגרײַזט...

שיין איז עס דאָס היימלאַנד מײַנס, מיט טײַכן און מיט בערג.
מיט סטעפּעס מיט אומענדלעכע. מיט אורוועלדער פּאַרזייט,
נאָר דאָס שענסטע פון באַשאַף איז דאָס ליבע־ווערק!
און די טיפסטע פון די פריידן איז די ליבע־פרייד!

איבער אַנדן־בערג די הויכע, אײַנגעהילט אין ווײַס,
קעניגט שטאָלץ דער אַקאָנקאַגוּאַ, דער אַנדן־מאַיעסטעט.
לענדער צוויי באַגריסן אים, דעם אַלטן, שטאָלצן גרײַז,
עס קניִען פאַר אים טויזנטער בלענדיקע שטעט.

ס'קען דעם קאָנדאָרס הויכער פלי נישט מעסטן זיך מיט אים.
ס'גרייכן אים די העכסטע וואָלקנס צו די אַקסלען קוים.
פאַר זײַן אָנבליק בלײַבט דער מענטש דאָרט שטיין פאַרגאַפט
און שטום —
העכער פון דעם אָדלער אָבער גרייכט דעם דיכטערס טרוים.

ס'וועט דײַן בליק באַלײַכטן מיר, פירן צו זײַן הייך.
שטוינען וועלן אַלע בערג, זיך סוידען מיטן ווינט.
און פאַרגליווערט וועלן אָדלערס בליקן פון דער הייך,
ווי מיט זייער פלי פאַרמעסט זיך דרייסט אַ מענטשן־קינד.

אַ צווייפאַך זינדיק מענטשן־קינד: אַ פּאָעט — אַ ייִד...
מיט אַ דוירעסדיקן פּאַק געשיכטע אַף זײַן קאַרק.
מיטן אַלטן „איכה"־קרעכץ אויך אין זײַן ליבע־ליד —
מעסט זיך מיטן אָדלער־פלי הײַנט צו דעם שפּיץ פון באַרג.

כ'וועל באַשטײַגן, פעלז־נאָך־פעלז, פון העכסטן באַרג דעם שפּיץ.
שווער — איך ווייס. נאָר שיין דער גאַנג צום באַרג־שפּיץ פון
מײַן גליק!
אונטער מײַנע דרייסטע טריט וועט שלענגלען זיך דער בליץ,
איבער מיר — אַ בלויער הימל, טיף־בלוי, ווי דײַן בליק.

אויבן, אַפן העכסטן שפּיץ — צום שטוינען פון די בערג —
אויסקריצן וועל איך דאָרט פאַר דוירע־דוירעס ווײַט:
„דאָס אַלהעכסטע פון באַשאַף איז דאָס ליבע־ווערק!"
„יעדער האַרץ, וואָס לעבט אָן ליבע, שטאַרבט עס פאַר דער צײַט..."

# בליקן

די זון שווימט אין נעפּלען באַגינען.
דיין בליק שווימט אין נעפּלען פון בענקען.
ווי לאַנג ס'וועט די ערד זיך באַגרינען,
דער יאַם וועט די ברעגנעס באַשווענקען —
וועט איין בליק צום אַנדערן בענקען!

וועט איין בליק דעם צווייטן באַגערן.
און בליקן אָן בליקן זיך צינדן.
ווי לאַנג ס'וועט די ערד נישט אויפהערן
צו קרייזן אין זוניקע רונדן —
וועלן בליקן אָן בליקן זיך צינדן.

און דיין בליק האָט מיינעם צעצונדן
מיט העלע, מיט ליכטיקע טרוימען.
קרייז איך אין זוניקע רונדן,
אין דיינע פאַרקישעפטע רוימען —
מיט העלע, מיט ליכטיקע טרוימען.

# אַ גרוס

אַ גרוס האָסטו היינט מיר געשיקט פון דער ווייט. —
אַ דאַנק דיר. דיין גרוס איז געקומען אין צייט: *

ער האָט מיך געטראָפן, ווי ס׳טרעפט אַ מאָמענט,
ווען ס׳לאָזן געליימט זיך אַרונטער די הענט.

ווען ס׳זינקען די אַקסל. די טריט ווערן מיד.
און ס׳קראַקען דיר קראָען אַריין אין געמיט...

און ס׳קריכן פאַרכאַלעשטע שאָען און טעג,
מיט אָקסישע טריט אַף אַ בלאָטיקן וועג.

עס גליווערט דער ווילן, דאָס לאָשן ווערט שווער,
און הויל איז דאָס האַרץ און דאָס אויג אָן אַ טרער.

עס רייסט זיך אַ זיפץ נאָר אַרויס פון דער קלעם
און מערקסט: באַ דיין פריינט צוקט אַ שמייכל אין
ברעם...

אַנטלויפֿסטו פֿון פֿריינט, נאָר וווּהין איז נישטאָ. —
ווי גוט איז צו קריגן אין אַט־אַזאַ שאָ

אַ בלימל, אַ גרוס פֿון דער ווייטן געשיקט,
וואָס צינדט פֿונדאָסניי אָן מיט גלויבן דיין בליק.

# אַ בלינדער פּאַסאַזשיר...

עס בייסן זיך די רעדער
אין די רעלסן איין,
עס יאָגט די באַן פון וויסטע
אין וויסטענישן אַריין.

בערייִשעסדיקע פעלדער,
וואָלקנס זאַמד און שטויב. —
הענגסט אָן דיינע בליקן
אומרויק אין שויב.

עס בויערן די בליקן
די מידבערדיקע ווייט
און ס'נעמען זיך פאַרמישן
שעטעך מיט דער צייט.

נאָר פּלוצלינג, אין דער מידבער,
ווי אַ נעסט אין זאַמד,
וואַקסט אַרויס אַ הייזקע,
ס'גריסט ווער אומבאַקאַנט.

עס שמייכלט דורך אַ פּענצטער
אַ פאַרבענקטער בליק. —
כאַפּט דיין האַרץ אים אונטער
שיקט אַ דאַנק צוריק.

זאַמלען זיך די בליקן
אויף אין האַרץ באַ דיר. —
איז יעדער בליק און שמייכל
אַ בלינדער פּאַסאַזשיר...

אַן אומבאַקאַנטער פאָרער
איז אין דיין געמיט.
און פילסט — די בלוטן ברומען
שטומערהייט אַ ליד.

און הערסט — אין באַן די רעדער
זינגען אין געלויף. —
און ווייטן ווערן נענטער,
וויסטעס בליען אויף...

# אין אַ רויטלעכן פֿאַרנאַכט

כ׳האָב אַ מיידל ווו געלאָזן
און עס טוט מיר אַזוי באַנג! —
ס׳האָבן ווינטלעך שטיל געבלאָזן,
אומשפּאַצירט אַף פעלד און זאַנג.

אַף אַ פערד בין איך געריטן
מיט כאַווײרים אין דער שלאַכט. —
באַ אַ וועלדל, אַ צעבליטן,
צוגעפאַלן איז די נאַכט.

ס׳האָט דאָס וועלדל זיך געדרויטלט
אַפן מײרעוודיקן ראַנד.
באַ אַן איינזאַם דאָרפיש פלויטל,
מיט אַן עמער אין דער האַנט,

איז אַ מיידל דאָרט געשטאַנען! —
אַך, אַ מיידל, אַ פאַרשווין!
ס׳איז מיין פערדל דאָס קאַשטאַנע
מיד געווען, באַדעקט מיט שוים.

נאָך אַ צאַר באַלײכאַים
אַף מײַן פערד — אַ שטומע צונג...
און דאָס גראָז שמעקט אַ מעכאַיע
און דאָס מײדל — שײן און יונג!

כ׳בין פון פערד אַראָפּגעשפּרונגען —
(כ׳װעל נאָך אָניאָגן די שלאַכט)...
ס׳האָבן שפּאָרן אָפּגעקלונגען
אין דער שטילקײט פון דער נאַכט.

צוגעפירט דאָס פערד צום פלויטל
און באַגריסט דאָס מײדל באַלד. —
ס׳האָט דאָס מײדל זיך געררויטלט
און געטונקלט זיך דער װאַלד...

**

ס׳האָבן שטערן זיך צעפינקלט,
די לעװאָנע זיך צעהעלט.
און מיט זילבער־װײס באַשפּרינקלט
איז געשלאָפן נאַכט אין פעלד.

ס׳האָבן אָפּגעקלונגען װײט נאָר,
צװישן פעלדער װײכע, פרישע,
פלינקע קאָפּעטעס פון רײטער,
פון דער נאָענט — דעם מײדלס קוש.

***

כ׳האָב אַף מאָרגן בלוי־באַגינען
מיט דעם מיידל זיך געשיידט.
ס׳האָט מיין פערד דעם וועג געפונען
און מיין האַרץ — געפונען פרייד...

ס׳איז אַ הייסע שלאַכט געגאַנגען,
כ׳האָב געקעמפט שוין אויך פאַר איר.
ס׳איז דעם מיידלס בילד געהאַנגען
איינגעפאַסט אין האַרץ בײַ מיר...

כ׳האָב דאָס לאַנד שוין דורכגעוויטערט
און געיאָגט דעם נאַצי־שעד.
ס׳האָבן וועגן אויפגעציטערט,
אויפגעטרייסלט דערפער, שטעט.

ס׳האָבן עפּשער טויזנט טויטן
זיך געשפּרייט פאַר מיינע טריט,
נאָר דאָס מיידל בײַ דעם פלויטל
האָט געשטאַרקט מיך און באַהיט...

רויק צופּט מיין פערד די גראָזן,
ס׳רוט מיין שווערד שוין נאָך דער שלאַכט,
נאָר מיין רו האָב איך געלאָזן
דאָ, אין רויטלעכן פאַרנאַכט...

באַ מיין מיידל, באַ מיין ליבער,
יענעם זון־פאַרגאַנג, באַם פלויט.
אָבער ווייס איז יעדער שטיבל,
יעדער זון־פאַרגאַנג איז רויט.

און אין סטעפּ אויך אַלע וועגן —
ווי די צווילינג־ברידער גלייך.
וועמען זאָל איך אַף איר פרעגן? —
גיי דערקען אַ כוואַליע אין טייך...

צווישן פעלדער, ווייצן, לאַנען,
גיי געפין אַצינד דעם סליאַד,
וווּ מיין פערדל, דאָס קאַשטאַנע,
האָט פאַרפאַסעט יענע נאַכט...

ווו אַף גרינעם היי, אַף פרישן,
האָט זיך שטיל די נאַכט פאַרוויגט.
עד, פאַר אירע צאַרטע קושן
בין איך גרייט אויך היינט אין קריג!...

אַ מאַצייווע מײַנע שוועסטער און ברי־
דער מיט זייערע מישפּאָכעס אין כעלעם
— פּוילן, וועלכע האָבן געטיילט דעם
בלוטיקן גוירל מיטן גאַנצן פּוילישן יידנ־
טום אונטער דער פינצטערער נאַצי־
הערשאַפט.

# וואָרצלען

צו די זעכציק יאָר איז אַן אַלמען געוואָרן
מײַן זיידע, דער דאַרדעק מעלאַמעד, רעב פֿרידל.
נו, טאָר דאָך אַ ייד אָן אַ ווייב נישט פֿאַרבלייבן,
ביפֿראַט אַ מעלאַמעד, אַ רעבע באַ יידן.

איז פֿריידע, זיין ווייבס שוין די גאָר ייִנגסטע שוועסטער,
אַ פֿאַרשויִן, כאָטש קיין זעכצן יאָר נישט קײַן פֿולע,
מיט פֿרידל מעלאַמעד געגאַן צו דער כופּע —
רעב פֿרידל, דער אַלמען, מיט פֿריידע, דער בסולע.

און פֿרום איז געוועזן רעב פֿרידל מעַלאַמעד
האָט גאָט אים באַשאָנקען מיט קויכעס און יאָרן:
איז קוים נייַן כאַדאָשים פֿון טאָג פֿון דער כופּע
רעב פֿרידל, מיט מאַזל, אַ טאַטע געוואָרן.

נו, האָט מען באַלד שאַבעס, אין דאָרפֿישן מיניען,
אַ נאָמען געגעבן דעם קינד, ווי עס פֿירט זיך,
אַ קידעש געמאַכט איבער היימישן בראָנפֿן,
פֿאַרביסן מיט היימישע קאָרענע קיכלעך.

מען האָט זיך געווונטשן יעשועס אַף יידן
און ווידער באַנעצט מיט אַ שנעפּסל דעם גומען —
זייט דאַן האָט געהייסן דאָס קינד כאַיע ראָכל,
נאָך כאַים — אַ פעטער און ראָכל — אַ מומען.

אַ נאָמען ווי אַלע, אַ יידישער נאָמען. —
דערמאָנט אין די אימעס, דער הייליקער טוירע.
האָט שפּעטער מיט פיר צענדליק יאָר כאַיע ראָכל
מיך אונטערוועגנס, אַף אַ וואָגן געבוירן.

ס'איז לייכט אויסצוריידן זיך: „פיר צענדליק יאָרן",
ווען יעדער שאָ לעבן געווען איז אַ וואונדער:
אַ לעבן אַף דאַכקעס, אַף בריסן און קוואָרים
פון „מיינע" און „דיינע" און „אונדזערע" קינדער...

און איך, דער מעזינעק, אין מאַמעס זעמליאַנקע
געווען בין דער צוועלפטער שוטעף צום הונגער.
אַ שוטעף מיט גרויס אַפּעטיט, קיינעהאָרע,
אַ קישקע אָן אַ דנאָ... אַ וועלפּל אַ יונגער.

*
* *

אַזוי פלעגט די מאַמע אונדז קינדער דערציילן,
באַם שפּינראָד, אין שנייאיקע ווינטער־באַנאַכטן.
עס פלעגן דעם זיידן, רעב פרידל מעלאַמער,
קיין בייזע כאַלוימעס באַנאַכט זיך נישט דאַכטן.

ער פלעגט די מעזוזע צום שלאָפן־גיין קושן,
קרי׳שמע לייענען, פּאַמעלעך, נישט היפּן,
דערפאַר נישט געוווסט פון קיין בייזע כאַלוימעס,
קיין שליטע געהאַט אַף זיין שוועל האָט די קליפּע...

און איינמאָל — ווי ס׳פלעגט אונדז די מאַמע
דערציילן —
געוועז כוידעש עלעל, אַ גרויער באַגינען,
מען האָט שוין אין פעלד די קאַרטאָפל געגראָבן,
דאָס קרויט פון די בייטן אַרונטערגענומען.

איז דעמאָלט דער זיידע קאַיאָר אויפגעשטאַנען,
דערנאָך זיך געטוויוולט אין טייכל, אין קילן.
און לענגער, ווי שטענדיק, אין יענעם פרימאָרגן
געדאַוונט, געהילט זיך אין טאַלעס אין טפילן,

צונויפגעלייגט שפּעטער דעם טאַלעס און טפילן,
גענומען דאָס קיטל און ברויט אַ קעזאַיעס
און דריי מאָל גאָטספאָרכטיק געקושט די מעזוזע,
געזאָגט: „זייט געזונט“ צו דעם גאַנצן בניי־באַיעס.

און פאַלן געלאָזט אַף דער שוועל אַ פּאָר ווערטער:
„אַ וועג — אַ מעהאַלעך... דאָס האַרץ איז מיר
שווערלעך...
און ווי אַ זאַך מאַכט זיך... זייט קינדער געוואָרנט,
געדענקט אין דער יאָרצייט. די מאַמען האַלט
ערלעך“.

**

אַוועק איז דער זיידע אַת יאָמים נויראָים
צום „בעלדזוער“, צופוס, אָן אַ גראָשן הויצאָע.
צוריקגעבראַכט האָבן די כסידים די בעלדזוער
פון זיידן אַ קסאַוו — אַ פאַרגעלטע צאַוואָע...

# פרי־פרילינג

אינעם גרויסן ווערטער־מאַבל,
אין פאַרשווּעכטן וואָרט־יאַריד,
זוך איך דיך, מיין וואָרט, באַשיידנס,
פאַר זיין טמימעסדיקן ליד.

זאָלסט אין פוס־טריט מיך באַגלייטן
איבער מיין זיקאָרן־שטעג,
ווו עס זשאַרען זיך אין אַש נאָך
מיינע אויסגעברענטע טעג.

דורכן נעפּל פון זיקאָרן
וועל איך מאַכן אַ שפּאַציר
צו מיין נישט געלעבטער קינדהייט
און אָנקלאַפּן אין איר טיר.

איידער כ'וועל די שוועל באַטרעטן
וועל איך וואַשן מיינע פיס
אין מיין היימיש, דאָרפיש טייכל,
וואָס האָט פריילעך מיך באַגריסט,

נאָך אין יענעם פֿריִען פֿרילינג,
אַף אַ וואָגן שטרוי, אין פֿעלד,
ווען עס האָט מײַן בליק, דורך טרערן,
ערשט, נאָר־וואָס דערזען די וועלט:

*
* *

ס'האָבן כוואַליעס אויפֿגעוואַכטע
אַף דער מיל זיך דאַן געלאָזט:
העי, גענוג דיר שוין צו פּאָפֿן
אונטער שנייען־פּוך און פֿראָסט!

אַף די האַרטע ציין פֿון מילראָד
זיך געוואָרפֿן — טויט־צי־רויט!
דרייענדיק דאָס ראָד — געזונגען,
זינגענדיק — געמאָלן ברויט.

*
* *

פֿורן אויסגעשפּאַנטע פֿלעגן
וואַרטן מיט די טווע־זעק,
האָט מען פֿערד דערווייל פּאָרפּאַסעט,
אָנגעפּאָיעט זיי באַם ברעג.

איבער לייוועטענע טאָרבקעס
האָבן פֿוירים זיך צעזעצט,
זיך מיט ברויט און קעז פּאָסמאַקעט
און מיט כשיוועס אָפּגערעפּצט...

נאָכדעם אויסגענויגט פון פלעשל,
ווער עס האָט אַ לעצטן טראָפּ,
פויל, אָן כיישעק, זיך געציילעמט
און די פּייקעס אָנגעשטאָפּט.

אָדער פון דער טאַבאַקערקע
טאַבעקע געשטופּט אין נאָז,
ניסט מען און מען ווינטשט: „נאַ זדראָוויע!"
און מען שנייצט אַריין אין גראָז.

***

נאָר וואָס העלפט דעם טייכלס יאָגן
אַף דער מיל, טאָג־איין, טאָג־אויס? —
קליין דאָס שטיקל ערד פון פויער
און זיין הויזגעזינד איז גרויס.

ווי אַ דאָרפס־ייד מיטן זעקל,
צוגעווינט צו הינט און קלעפּ,
האָט אַ באָרוועסער דער הונגער
איבער כאַטעס זיך געשלעפּט.

גוט נאָך, וואָס ס'איז דאָ אַ קרעמל,
ס'איינציקע אין דאָרף, באַם ייד:
באָרגט מען קעראָסין אַ פלעשל,
זאַלץ אַ פונט, צום ראָד אַ ניט.

מאַכט זיך ווען אַ קרענק באַם פּויער,
שטעכעניש, אַ צאָן רייסט, אָן —
קלויבט ער אוים אַ האַלב שאָק אייער,
צי אַן איבעריקן האָן.

לאָזט אין שטעטל זיך דער פּויער
מיטן ערשטן שפּראָץ אַף טאָג:
אַף דער האַנט דעם קאָשיק אייער
און די שטיוול אַף אַ שטאָק.

ס'איז אין שטעטל דאָ אַ פעלדשער,
איינער אינעם קאַנט אַרום!
שטעלט ער באַנקעס, רייסט די ציינער,
גאָלט די מאָרדע אויך אַרום...

און ס'איז היימישלעך דער פעלדשער,
מיט די פּויערים אַף „דו“,
פרעגט ער אוים: „וואָס מאַכט די באַבע?“
ווען עס קעלבט זיך אָפּ די קו?

שמועסנדיק גרייט דער פעלדשער
גיך די שוסטער־צוואַנג זיך אָן,
טוט אַ ריס — אָנשטאָט דעם קראַנקן —
אָפּטמאָל אַ געזונטן צאָן...

# זומער

עס קומען אין דימיען פאַרגאַנגענע טעג:
איך זע אונדזער כאַטע באַם זאַמדיקן וועג.
איך זע נאָך אין זאַמד מיינע באָרוועסע טריט —
זיי גייען דורך לענדער מיר נאָך אין מיין ליד...

ווי גוט איז אין היטן, אין גאָלדיקן זאַמד,
זיך קאַטשען און שפּילן מיט קינדער באַנאַנד!
זיך שפּילן ביז וואַנעט עס נעמט — אויך אין שפּיל —
די זון זיך באַהאַלטן אַף יענער זייט מיל...

ווי וואָלט איך די שפּיל היינט געשפּילט פונדאַסניי!
און פאָרט אַפן וועג ווען אַ פורל פאַרביי —
איז אויך קיין סאַקאַנע אין דעם נישט פאַראַן:
מיר איז דאָס פערדל, פאַמעלעך זיין שפּאַן.
דער טאָג איז נאָך גרויס און דער פויער האָט צייט.
ער פּיפּקעט זיך רואיק זיין פּייקע און — — — שפּייט.
די „באַבע“ אין וואָגן, די קינדער מיט איר.
עס שטעלט זיך אַ פורל ווען אָפּ פאַר דער טיר,
פאָרפּאַסען אַ ווײַלע דאָס פערדל אין גראָז.

עס לאָזט זיך דאָס פֿויערל נעמען אַ מאָס:
באַשטעלט זיך אַ „קורטקע“ פֿון היימיש געוואַנט —
ס'איז וואָווע דער איינציקער שניידער אין קאַנט...

באַצאָלן דעם שניידער, ווי ס'איז פֿאַר געניי,
באַצאָלט ער, אַמאָל מיט אַ הון, מיט אַן איי...

ס'איז היימיש דער דאָרפֿישער שניידער, דער
„זשיד“ —
נו, רעדט מען פֿון יאַקרעס, מען רעדט פֿון יאַריד.
מען לאָזט זיך אין טיפֿע ראַיוינעס אַוועק:
עס זיפֿצט אָפּ דער פֿויער: „אַ צייט קומט, אַ שרעק!“
עס גייט אַף מילכאָמע דער הונט, דער „פּרוסאַק“.
דער טאַטע העלפֿט אונטער אַף פּויליש: „טאַק, טאַק!“
מען זאָגט, „טשאָרנע גאָרצעס“, באַם גרענעץ פֿון
טערק,
ריזן, וואָס וווינען אין היילן פֿון בערג,
אַ סוואָרע זיי שטאַמען פֿון גויג אומאָגויג...
שוואַרץ, ווי ציגיינער, אין שטערן — איין אויג.
„בעזבאָזשניקעס“ אַלע. קיין גאָט נישט אין האַרץ.
די ערד, ווו זיי טרעטן ווערט וויסט דאַרט און שוואַרץ!

זיי גייען אים העלפֿן, דערציילט מען, דעם „שוואַב“.
אַ גליק, די צאַרינע האָט עפּעס דערשנאַפּט
און לייגט זיך, דערציילט מען, אין שאָלעם אַריין...
אַנדערש, כאַלילע, די שאַ זאָל נישט זיין!
אַ סאָף וואָלט געווען צו דער וועלט! „קאָניעץ
שוויאַט!“

דער פויער נאָגט שטאַרקער די פּייקע און גאַפּט.
ער שיקט אָפּ אַ קרעכצל אַ פרומס צו דער וועלט:
„מען זאָל כאַטש דעם שניט אַראָפּנעמען פון פעלד..."

אַ פּאָך מיט דער בייטש, ס'איז דער פויער אַוועק.
געבליבן אין האַרץ איז צום הונגער — די שרעק.
און וואָלט כאַטש די מאַמע געווען אין דער היים,
וואָלט איך די שרעק אויסגעפּלאַצט מיט געוויין.
דעם הונגער און שרעק אויסגעוויינט אַף איר ברוסט.
זי וואָלט זיך געבייזערט און וואָלט מיך געקושט.
זי וואָלט מיך געמוסערט: „אַזאַ באָכערעץ!"
און וואָלט מיך געטרייסט מיט אַ לעפל געקעכץ...

דער טאַטע קרעכצט אונטער. ער האַלט זיך קוים־קוים.
ער דרימלט באַטאָג אינעם שאָטן פון בוים.
הוסט און זאָגט ווידע באַנאַכט, אַפּן בעט,
דאָס הילצערנע בעט העלפט אים אונטער און
קרעכצט.
און לאָזט אים די אַסטמאַ פון צוואַנג ווען אַרויס,
שלעפּט זיך דער טאַטע, דאָרט־איין און דאָרט־אויס,
דעם טאַלעס מיט זיך, אין דער האַנט — דעם אַרשין.
אין מויל האַלט ער שטענדיק זיין לולקע־טוטין.

די לולקע, דעם טאַטנס, זי דינט אים צו אַלץ:
ווען ס'כאַפּט אים די אַסטמאַ, ווי צוואַנגען באַם האַלדז,
פאַרשפּאַרט אים דעם אָטעם, ברעכט אונטער די קני —
באַדאַרף ער די לולקע נאָר טאָן אַ פּאַרצי...
און אויך, ווען דער הונגער, דער זלידנער קומט אָן:

עס כאַלעשט דאָס האַרץ אים, איז וואָס זאָל ער טאָן?
באַראַרט ער די לולקע נאָר טאָן אַ פּאַרצי.
ציט ער די לולקע פון גרויען גאַנץ פרי,
ער זויגט זי ביז העט אין דער נאַכט אַריין שפּעט
און טיילט זיך מיט איר אויך אין שלאָף מיטן בעט...

פאַרשפּילן מיר, קינדער, דעם הונגער און שרעק
אין זאַמד, אַף דער לאָנקע, אין טייכל באַם ברעג.
עס ווערט, אין דער שפּיל, יעדער שפּענדל — אַ שיף.
דאָס טייכל — אַ יאַם ווערט, אומענדלעך און טיף...

דערנאָך, ווען עס נעמט זיך אויסבעטן די וועלט
אַף גרינעם, געקאָשעטן היי אַפן פעלד
און ס'זינגען די פייגל אַ וויג־ליד איר צו.
ווען ס'קומען אָן שאָטנס — איך ווייס נישט פון וואו —
ערשט דעמאָלט, מיט ווייכע, מיט באָרוועסע טריט,
עס קומט אָן די מאַמע פון פעלד, פונעם שניט.

דער סערפּ אַפן אַקסל, דערלעבן — די שיך,
אין פאַרטעך — אַ מעסטל קאַרטאָפל מיט זיך...

# ווינטער

איז זומער, ווי זומער — אַן אָפּענע וועלט. —
דו שפּילסט, ווו דו ווילסט און מיט וואָס דיר געפעלט.
גאָר אַנדערש איז ווינטער: דאָס טייכל איז אייז,
דער זאַמדיקער וועג איז פאַרשאָטן און ווייס.

די כאַטקעס — ביז איבער די פּריזבעס אין שניי.
די פענצטער אַליין — אַ גרולע אַף זיי —
מיט ביימער און בלומען געטאָן אַ צעבלי.
פאַרשטומט איז דאָס פריילעכע רוישן פון מיל.

נאָך גוט, וואָס עס קומען אַמאָל זיך צונויף,
פויערים־שכיינים, „פּאַראַבקעס" פון „הויף",
„כוקען" אַריין אין די פויערישע הענט
און זעצן זיך אויס אַף די בענק באַ די ווענט.

שנייצן און כראַקען אַפן ערדערנעם דיל
און ס'הייבט אָן דערציילן אַ פויערל שטיל:
אַז שפּעט אין דער נאַכט, ווען דאָס דערפל שלאָפט
איין,
מיט פענצטער פאַרלאָשענע, בלינדע, אָן שיין.

די טירן אַף הילצערנע ריגלען פאַרמאַכט,
אַט דעמאָלט, ווען ס׳קרייעט דער האָן האַלבע נאַכט,
נאָר פונקט צו דער רעגע, ווען ס׳קרייעט דער האָן —
אַ שרעק, וואָס עס הייבט זיך אין מיל אָן צו טאָן:

עס קומען זיך אָן אין דער מיל „יענע לייט...“
מען הערט אַף ווי ווייט זייער לאַכן פאַרשייט!
אין מיטן פון לאַכן ברעכט אויס אַ געוויין —
דאָס יאָמערט אַ פידל פון מענטשלעך געביין.

אַ שעדל זינגט פריילעך מיזמורים צום טויט
און פויקט אַף אַ פויק פון אַ מענטשלעכער הויט.
און לילים אַליין, אין אַ קרוין אָנגעטאָן,
זי זיצט און זי הערט אַף איר טראָן, אויבנאָן.

צום טראָן פירן הויכע, פאַרבלוטיקטע טרעפ,
געמאַכטע פון שאַרבנס פון מענטשלעכע קעפ.
נאָר גלייך, ווי עס קרייעט דער האָן אַף קאַיאַר
פאַרשטומט די קאַפעליע, דער טייוולשער כאָר.

עס בלייבט נישט קיין שאָריד אופאָליט פון „זיי!“
מען טרעפט פאַר דער מיל נאָר באַגינען אין שניי
שפורן פון קליינינקע, הינערשע פיס...
נו, ווער זאָל עס זיין דאָרט? — נישט גוטע, געווים!

עס שרעקן די מייסעס און לאָזן צוגלייך,
ווי ס׳לאָקט פאַר אונדז, קינדער, דאָס אייז אַפן טייך.

נאָר בייז איז דער ווינטער, דער פראָסט שטעכט
און שפּיזט
מיט פראָסטיקע שפּיזלעך, די באָרוועסע פיס...

פאַראַן, קיינעהאָרע, מער פּיסלעך, ווי שיך:
די מאַמע האָט „טשיזמעס" נאָר איין פּאָר, פּאַר זיך.
און שטאַרקע, מיט פאַדקעוועס אונטערגעשמידט —
די מאַמע דאַרף פאָרן אין שטאָט צום יאַריד.

זי גייט אַף די דערפער, טאָג־אויס און טאָג־איין,
קען זי דאָך ווינטער־צייט באָרוועס נישט זיין...
דער טאַטע גייט ווינטער פון שטוב נישט אַרויס,
ער באָרגט נאָר אַף שאַבעס די „טשיזמעס" זיך אויס.

צום דאָרפישן מיניען באַ ביירעך דעם גוויר. —
אַ מויער באַם וועג מיט אַ גאַנעק באַם טיר.
באַם הויז — אַ געמויערטער ברונעם, אַ ראָר.
ס'איז טאַקע נאָך דאָרף, נאָר עס שמעקט שוין מיט
שטאָט...

אַהיים ברענגט דער טאַטע פון מיניען צוריק,
אַ נייעם אַ פרישע, אַ וואָרט פּאָליטיק.
דערציילט ער עס שפּעטער, פּאַמעלעך, מיט קאָפּ.
די מאַמע טראָגט אונטער דעם טשאָלנט אין טאָפּ.

אַ הייסן, פאַרברוינטן, געבאַקן אַף טאָרף.
אַ גליק, וואָס מיר האָבן אַ שאַבעס אין דאָרף,
אַ טשאָלנט, אַ צימעס פון מערן געקאָכט. —
אַ שאָד נאָר, וואָס שאַבעס איז איין מאָל אין וואָך...

# דאָרפּיש

געווען איז מיין פעטער אַ דאָרפישער ייד,
שטענדיק באַם אַקער פאַרנומען,
נאָר איין מאָל אין וואָך, בלויז אין טאָג פון יאַריד,
פלעגט ער אין שטאָט אַריין קומען:

פלעגט ער די ריפּסענע יופּע זיך אָנטאָן,
די פּאָלעס אין גאַרטל פאַרשטעקן,
די שטיוול — ערשט פרישע אין דזשעגעכץ
געשמירט —
טראָגן מיט זיך אַף אַ שטעקן.

און גיין פּאַמעלעך, אַ טריט נאָך אַ טריט —
ס'וועט דער יאַריד נישט אַנטלויפן.
אַמאָל פלעגט ער פירן אַ קו פאַרן שטריק,
אַמאָל — אַ בוהיי צו פאַרקויפן.

אין ריוו, באַ דעם וועלדל, וואָס הינטער דער שטאָט,
פלעגט ער אַ ווײַלע אָפּרוען;
אויך לאָזן די קו דאָרט פּאַרפּאַסען אין גראָז,
אַליין — די לולקע פאַרציען.

דערנאָך שוין, מיט שווערע, באַשטיוולטע טריט,
פלעגט ער אין שטאָט אַריין שפּרייזן;
אַ שטאָט, קיינענאָרע, יידן אַסאַך,
פּאַסט זיך נישט באָרוועס צו ווייזן.

פאַרקויפט פאַר מעזומען די קו אַפן מאַרק,
פלעגט ער דערנאָך, אין די קלייטן,
איינקויפן צוקערקעס די קינדער אַהיים,
דער מומען — אַ טיכל מיט קווייטן...

# יזירעש

די שול איז פֿרעמד מיר געווען, מײַן זון.
און פֿרעמד אויך די שפּראַך פֿון די ביכער און לידער.
מײַן שול איז דער אַלטער כּיידער געווען,
דאָס איינציקע בוך — דער אַלטפֿרענקישער סידער.

און שווער איז אין כּיידער דאָס קנעלן געווען,
אַן שפּיל, אָן געזאַנג און נישט איינמאָל — אָן עסן.
אַף צאָלן סכאַרלימער פֿלעגט טײלמאָל, מײַן זון,
דײַן באָבע די מעשענע לײכטער פֿאַרזעצן.

דאָס צאָלן סכאַרלימער פֿלעגט אָפּטמאָל באַנאַכט
דײַן גלויביקן זיידן דעם שלאָף אָוועקרויבן. —
און איך האָב די ביידע געיאַרשנט, מײַן זון:
דעם ביטערן דאַלעס, דעם ליכטיקן גלויבן...

# געוועז דאַכט זיך נעכטן

עך, ווי די צייט האָט געטאָן זיך אַ יאָג! —
געוועז, דאַכט זיך נעכטן, אַ זוניקער טאָג,
אַ בלויער באַגינען אין האַרבסטיקן גראָ,
ווען ס׳האָט דיין געוויין אָנגעזאָגט: איך בין דאָ!

און וויפל דיין קומען געבראַכט האָט אונדז פרייד,
איז דאָך פון אַ שאָטן געוועזן באַגלייט
דער שמייכל דיין מאַמעס, דיין טאַטנס געמיט,
אַפילע זיין טרויערלאָז, שפּילעוודיק ליד.

געוועז אין אַ שטרייק איז דיין טאַטע פּאַרטאָן.
אין שטרייקער־לאָקאַל האָט געפלאַטערט די פאָן,
איז קיין ברויט אין דער שטוב נישט געוועזן צו דער זאַט;
קיין בעטל פאַר דיר האָט די שטוב נישט געהאַט.

און קראַנקהייט קומט שטענדיק נאָר דאָרט, וואו ס׳איז ענג...
דיך האָט אַף דער שוועל שוין באַגעגנט אַ קרענק.

אַ ביטערע קראַנקהייט באַדראָט האָט דיין בליק.
און שווער איז געווען אָפּגעווינען צוריק.

די שיין פּאָר דיין אויג. דאָס ליכט פאָר דיין טאָג.
און ווער קען אָפּוועגן די פּיין אַף אַ וואָג,
די עלטערנס צאַר בײַ דעם קינדס קראַנקער וויג?
דערנאָך די נעכאָמע, די פרייד מיטן זיג?

נאָך שוואַך פון דער קינפּעט, אָן קויכעס, אָן געלט,
בלויז מיט דער מאַמישער ליבע באַזעלט,
עס האָט דיך דיין מאַמע פון אומגליק באַוואַכט,
פאַרטריבן פון בליק, פון דיין בלויען, די נאַכט.

דיין ברודערל — דעמאָלט אַ קינד נאָך אַ קליינס —
די נויט, צו זיין גליק, נישט געקענט נאָך פאַרשטיין,
דערפאַר האָט זיין קינדערש-צעלויכטן געמיט
מיט פרייד פון דיין קומען געיובלט, געגליט.

דערווייל האָט געיאָגט זיך די צייט אין גאַלאָפּ,
אַמאָל באַרג-אַרויף און אָפטמאָל באַרג-אַראָפּ.
טרויער און פרייד האָבן געקרייצט זיך אין וועג.
נאָר דו האָסט קיין קאָשעס דער וועלט נישט געפרעגט.

דו נעמסט זיך גאַנץ פּאָשעט פון אַלץ, וואָס דיר קומט,
ווי פּאָשעט עס נעמט אויף דאָס זון-ליכט די בלום.
ווי ס'אָטעמען בלעטער די לופט אינעם רוים.
ווי ס'נאָגן די טיפּן די וואָרצלען פון בוים...

# אַף די שטעגן פון זיקאָרן

גוט איז אַף דער ווינגדיקער שיף צו זיצן
מיט פאַרמאַכטע אויגן. אויפכאַפּן די בליצן
אַף די שטויביקע וועגן פון מיין זיקאָרן:

ווי זון־פעדים ציען פאַרביי זיך די יאָרן —
יאָג איך זיי נאָך, ווי דאַן, אין דער קינדהייט מיינער:
אַ באָרוועסער, איבער דאָרפישע פליינען,
דורך פעלדער, ווי יאַמען — צעכוואַליעטע, גרינע.
מיין יוגנט־כאָלעם: — אַ שוואַרצע פעלערינע,
לאַנגע, ראָמאַנטישע לאָקן... ווייטע יאַמען. —
עס וואַקסט אַ „וואַנדראָווניק", קרעכצט אונטער
די מאַמע.

נו, יאָ, אַ „וואַנדראָווניק" — האָסט מאַמע געטראָפן.
דערווייל נעם איך ציילן די זילבן צו סטראָפן —
אַ זילב נאָך אַ זילב איך צייל אויס אַף די פינגער. —
צי קלייב איך זיך ווערן באַ יידן אַ זינגער?
כאָלילע! — ווער וואַגט עס צו קלערן אַפילע.
איך וויל נאָר מיט אייגענע פינגער אויסשפּילן

דעם פּלאָנטער פון טענער, וואָס קרייצן די וועגן
אין אייגענעם הארצן. און אָפּט פון געלעגער,
פון שטרוי־זאַק דעם הארטן, זיי נעמען דיך טראָגן.
אומזיסט דיין אַנטלויפן, זיי וועלן אָניאָגן,
אַרויף אַפן גאַנעק, אין ריזז צווישן קאָרן. —
ווי זון־פעדים ציען פאַרביי זיך די יאָרן.

און כאָלעם ווערט וואָר שוין: איך פאָר איבער יאַמען.
מיט מיר איז דער נייגער און מוירע צוזאַמען.
עס לאָקן און שרעקן די האַפּנס, די פרעמדע:
אַ רענצל אַן איינציקס און בלויז אַ פאָר העמדער.
און לידער אַ העפטל, נאָך רוי, נישט געצייטיקט —
צי איז דאָס געַנוג אַף די וועגן, די ווייטע?

און קאַלט איז צו מיר אַרגענטינע, די הייסע!
איין ברודער — אַליין נאָך אָן טרייסט — וויל מיך
טרייסטן.
און נאָך איינער שיקט פון ניו־יאָרק אַ פאָר שורעס:
„ס'איז שווער אין דער פרעמד מיט אַן אייגענער צורע,
נאָר שטאַרק זיך, דו וועסט זיך דיין וועג דאָרט
אויסטרעטן".
די שורעס, ווי מיידלשע פינגער מיך גלעטן.
און כ'צייכן די אייגענע טריט אַף די זאַמדן,
באַם ברעג פונעם פּלאַטאַ, אין שניי אַף די אַנדן.

נישט זעלטן אַ בלוט־פלעק איז דאָרטן פאַרבליבן. —
דאָס האָבן די וונדיקע טריט אויפגעשריבן,
פאַרצייכנט אַף דוירעס דעם גאַנג זייער שווערן.

איצט רוישט ער, דער פּלאַטאַ — איך קען עס אייך
שווערן —
פאַר מיין פאַרגעניגן, זיין רוישן, זיין פליסן.
די אַנדן — זיי נויגן די קעפּ איצט, די ווייסע
און טראָגן מיר פריינטלעך „גוטמאָרגן!“ אַנטקעגן.
עס שפּרייטן זיך ווייליק פאַר מיין טראָט די וועגן.

אַ דאַנק דיר, מיין פּלאַטאַ, אַ דאַנק מיינע אַנדן!
איך נעם אייך מיט זיך אַף מיין ווייטערן וואַנדער.
און אייערע ליכטיק־צעשמייכלטע גרוסן,
איך ברענג זיי מיט פרייד היינט צום האָדסאָנס פלוסן.
עס וועט דער ניאַגאַראַ מיט זיי זיך אויך גרויסן
און שיקן אַ דאַנק דורך זיין אייביקן רוישן!

# אינהאַלט:

## ליד און לעבן



## דאָס איז אונדזער דאָר באַשערט



## מײַן יידישער טאַסט

## ש ט אָ ט



## י אַ ם און ל י ד ע ר



## ב ע נ ק ש אַ פ ט

## ווארצלען

ביכער פון זעלביקן מעכאַבער:

קינד און קייט — 1936.

שוועלבעלעך — 1938.

דאָבעלע — 1946.

